פ. פעדאָסייעוו

# ווי איז אנטשטאנען די מענטשלעכע געזעלשאפט





1934 תע

פ. פעדאָסייעוו

# ווי איז אנטשטאנען די מענטשלעכע געזעלשאפט



פארלאג „עמעס", מאָסקווע, 1934

## 1. דעם מענטשנס אורא̇לטע פא̇רגייער

די קלייניקייט דערציילן בא̇בעמי̇סעס, אז דעם מענטשן הא̇ט באשאפן גא̇ט. פארקערט, די וויסנשאפט דערווייזט, אז מענטשן הא̇בן זיך אנטוויקלט אין מעשעכ פון א לאנגער צייט, אז זיי קומען ארויס פון אורא̇לטע מענטשנארטיקע מאלפעס.

אין דער נאטור ווערט אלץ שטענדיק געענדערט. די פארשיי־דענע מינים באלעכייִם און געוויקסן זיינען אנטשטאנען פון נידע־ריקערע פא̇רמעס. די מענטשנארטיקע מאלפעס, דעם מענטשנס נא̇־ענטסטע פא̇רגייער, הא̇בן זיך אויך אנטוויקלט פון נידעריקערע בא־לעכייִם. א געוויסע פא̇רשטעלונג וועגן אונדזערע אורא̇לטע מאלפע־ארטיקע פא̇רגייער קא̇נען געבן די היינטצייטיקע אזיגערופענע מענטשנ־ארטיקע מאלפעס (גיבא̇ן, שימפאנזע, א̇ראנגוטאנג, גא̇רילע). מיר זא̇גן: א געוויסע פא̇רשטעלונג, ווייל די היינטצייטיקע מאלפעס זיינען א זייטיקער צווייג פון אונדזערע אורא̇לטע פא̇רגייער און דע־ריבער קא̇נען זיי ניט געבן קיין גענויע בילד פון זיי. די פון די היינטצייטיקע מאלפעס, וואס זיינען מער פון אלע אנדערע נא̇ך זייער געשטאלט נא̇ענט צו א מענטשן, זיינען דא̇ך אוועק צו ווייט אין זייער ספעציעלער אנטוויקלונג און זיי שטייען ווייטער פון א מענטשן, איידער אונדזערע מאלפעארטיקע פא̇רגייער.

פון די אורא̇לטע איינוווינער פון דער ערד זיינען געבליבן ניט מער ווי עטלעכע ביינער און שטיינערנע א̇פבילדונגען פון די א̇דער יענע א̇רגאנען. אזוינע קנאפע „דא̇קומענטן" באקומען די געלערנטע ארויס פון דער טיף פון דער ערד. פון אזוינע ניט קיין פולע א̇נגאבן קומט אונדז אויס אויסצוארבעטן א פא̇רשטעלונג וועגן אונדזערע פא̇רגייער.

סא̇ך פא̇ריקן יא̇רהונדערט הא̇ט מען געפונען אפן אינדזל יאווע (אזיע) אין טייכ־בעט צוויי באק־ציינער, א שיידל פון א שארבן און א היפט פון עפעס א באשעפעניש. שטודירנדיק, ווי עס ליגן די ערד־פלאסטן, הא̇בן די געלערנטע פעסטגעשטעלט, אז די געפו־

מענטשנ, באשטרײַט קײנער ניט. אינעם געבוי פונ דער דאָזיקער קינבאק ווארפנ זיכ נאָכ שטארק אינ די אויגנ די שטריכנ פונ א מאלפע. אײניקע געלערנטע האלטנ, אז דער הײדלבערגער מענטש האָט נאָכ ניט געקענט רײדנ, ווײַל דער געבוי פונ זײַנ קינבאק האָט דאָס ניט דערלויבט. די אינערלעכע זײַט פונעם פאָדערשטנ טײל פונ דער הײדלבערגער קינבאק איז זײער דיק, אונ דאָס האָט געמוזט שטערנ דעם צונג צו באוועגנ זיכ פרײַ אונ בעמײלע האָט דאָס אויכ געמוזט שטערנ דעם מענטשנ צו רײדנ. נעענטער ווי אלצ צו דער מענטש־לעכער פאָרמ זײַנענ די צײנ. אפּאָנעמ, אז די צײנ האָבנ שוינ אופ־געהערט צו זײַנ א געווער פונ שוצ אונ אָנפאל: זײ זײַנענ פאר־העלטנמעסיק ניט גרויס אונ שוואכ אנטוויקלט. דער הײדלבערגער מענטש איז דער סאמע אלטער פונ די מענטשנ־טיפנ, וואָס מיר ווײסנ זיכער. ער טראָגט נאָכ אפ זיכ קלאָר־אויסגעשפּראָכענע שפּורנ פונ א מענטשנארטיקער מאלפע, אָבער דאָכ קאָנענ מיר זאָגנ, אז דאָס איז א פולקומ מענטשלעכער טיפ, א פאָרגײער פונעם הײַנטצײַטיקנ מענטשנ.

נעענטער צו אונדז אינ דער צײַט איז דער נ ע א נ ד ע ר ט א ל ע ר מענטש. אינ דער נעאנדערטאלער הײל (דײַטשלאנד) האָט מענ אויס־געפונענ רעשטנ פונ א מענטשלעכנ סקעלעט, אונ נאָכדעמ האָט מענ אינ א רײ אנדערע ערטער געפונענ רעשטנ סקעלעטנ פונ מענטשנ פונ אזא טיפ. די רעשטנ פונעמ נעאנדערטאלער מענטשנ זײַנענ אנט־דעקט געוואָרנ אינ עטלעכע ערטער אינ מײַרעוו־אײראָפּע, אזיע, אפ־ריקע אונ בא אונדז אינ קאווקאז אונ אינ קרימ. פונ די צאָלרײַכע געפונענע רעשטנ פונ דעמ דאָזיקנ טיפ מענטשנ קאָנענ מיר באקומענ א גאנצ פולקומע אונ פינקטלעכע פאָרשטעלונג וועגנ דעמ נעאנדער־טאלער מענטשנ. דער נעאנדערטאלער מענטש האָט נאָכ ניט פאר־מאָגט קײנ פולשטענדיק גראָדשטײענדיקנ ארט גײנ, ווי דער הײַנט־צײַטיקער מענטש: באמ באוועגנ זיכ פלעגט ער זיכ היפּש אײַנבײגנ פאָרויס, אונ נאָכ זײַנ ארט גײנ איז ער געווענ שטארק ענלעכ אפ א מאלפע. זײַנ שטערנ איז געווענ זײער א נידעריקער, א גענײג־טער. די גרויסע בויגנס איבער די ברעמענ האָבנ זיכ שטארק אָנ־געזענ. די שטריכנ פונ א מאלפע האָט מענ אויכ דײַטלעכ געקאָנט זענ אינעמ אונטערשטנ טײל פּאָנעמ. די מאָרדע איז געווענ ווײניק אנטוויקלט, בײס די אונטערשטע קינבאק איז געווענ גאנצ מאסיוו.

דער שטערן איז באַם נעאַנדערטאַלער מענטשן געווען גרעסער, איי־דער באַם פּיטעקאַנטראָפּ, אָבער קלענער, איידער באַם הײַנטצײַטיקן מענטשן, און די גרייס פונעם שאַרבן ווייַזט אָן אָפּ דער גרייס פונעם מאַרך. באַם פּיטעקאַנטראָפּ האַלט דער שאַרבן אומגעפער 940 קוב.



2. א נעאַנדערטאַלער

סאַנטימעטער, באַם נעאַנדערטאַלער מענטשן—1400 און באַם הײַנט־צײַטיקן מענטשן—בא 1550 קוב. סאַנטימעטער. אַזוי־אַרום שטייט דער נעאַנדערטאַלער מענטש נאָך דער גרייס פון זײַן מאַרך נאָענט צום הײַנטצײַטיקן מענטשן.

כאָטש אונדזערע יעדיִעס וועגן אונדזערע אוראַלטע פאָרגייער זײַנען גאָר קנאַפּ, דאָך קאָנען מיר זיכער זאָגן, אַז מיר שטאַמען פון א מענטשנאַרטיקער מאַלפּע, וואָס האָט אַמאָל עקזיסטירט אָפּ דער וועלט. פון די ביינער־שטיקער, וואָס מיר געפינען איצט, קאָנען מיר אופשטעלן די אַנטוויקלונג־געשיכטע פונעם הײַנטצײַטיקן מענטשן: ער שטאַמט פון א מענטשנאַרטיקער מאַלפּע.

## 2. די ראָליע פון דער אַרבעט אין דער אַנטשטייונג פון דער געזעלשאַפט

אונדזערע אוראַלטע מאַלפּע־ענלעכע פּאָרגייער האָבן זיך מיט גאָר־ניט אונטערשיידט פון די איבעריקע באַלעבּתּים נאָך זייער אַרט לעבן. צו באַפרידיקן זייערע באַדערפעניש פלעגן זיי עסן די שפּייַז-שטאָפן, וואָס זייַנען פאַראַן אין דער נאַטור. וועגן אַרבעט אַלס קוואַל צו באַקומען לעבנסמיטלען האָט גאָר קיין רייד ניט געקאָנט זייַן.

און דאָך האָט דער מענטש צו פאַרדאַנקען דער אַרבעט ניט נאָר פאַר אַלע געצייַג, פאַר די מאַשינען, פאַר דער גאַנצער קולטור, נאָר אויך פאַר דעם, וואָס ער איז געוואָרן אַ מענטשלעך וועזן. ווי־אַזוי איז דאָס פאָרגעקומען?

די וועלט פון די באַלעבּתּים האָט זיך געמערט אין מעשעך פון טויזנטער יאָרן. וואָס גרעסער עס איז געוואָרן די צאָל באַלעבּתּים, אַלץ קלענער און קלענער איז געוואָרן דער טייל טעריטאָריע, און בעמיילע אויך דער טייל שפּייַז-שטאָפן, וואָס מאַכט אויס אָפּ יעדן איינעם פון זיי. די שפּייַז־רעסורסן האָבן געמוזט ווערן נאָך קלענער, באַזונדערס איבער דער רויבערישער „ווירטשאַפט-פירונג“ פון די באַלעבּתּים, דאָס הייסט איבער דעם ניט־ראַציאָנעלן, פאַרשווענדערישן אויסראָטן די נאַטירלעכע שפּייַז-זאַפּאַסן. די פאַרמערונג פון דער באַלעבּתּים־וועלט האָט געמוזט באַגרענעצט ווערן, און די דאָזיקע באַגרענעצונג פלעגט קומען פון דעם, וואָס אַ מאַסע באַלעבּתּים פלעגט אומקומען. נאַטירלעך, די מער שטאַנדהאַפטיקע אָרגאַניזמען, די מער צוגעפּאַסטע פלעגן בלייַבן לעבן.

וואָס פאַר אַ ווירקונג האָבן די אַלע ענדערונגען געהאַט אָפּ אונדזערע אוראַלטע פּאָרגייער?

די פאַרהעלטנמעסיקע פאַרקלענערונג פון די נאַטירלעכע רעסורסן האָט געהאַט פּאָזיטיווע רעזולטאַטן פאַר דער אַנטוויקלונג פון די מענטשנאַרטיקע מאַלפּעס. געוויסע גינסטיקע נאַטירלעכע אייגנשאַפטן פון אונדזערע פּאָרגייער פלעגן פאַרפעסטיקט ווערן און פאַרפולקומט ווערן אין פּראָצעס פון זייער אַנטוויקלונג. דאָ מיינען מיר דעם באַזונדערן געבוי פונעם אָרגאַניזם פון די אוראַלטע מענטשנאַרטיקע מאַלפּעס, וואָס האָט זיי געגעבן די מעגלעכקייט צו באַפרייַען די הענט באַם באַוועגן זיך און באַקומען אַ גראָדגייענדיקן גאַנג.

אונדזערע אוראַלטע פּאַרגייער, ווען זיי פֿלעגן זיך באַוועגן אַף דער ערד, פֿלעגן אויך באַנוצן די הענט, אַזוי ווי די הײַנטצײַטיקע מאַלפּעס. אָבער באַם באַוועגן זיך האָבן בײַ זיי די הענט געשפּילט נאָך אַ קלענערע ראָליע, איידער בײַ די איצטיקע מאַלפּעס. באַם קריכן אַף די ביימער פֿלעגן די מאַלפּעס מאַכן מער קאָמפּליצירטע כאַפּ־באַוועגונגען. די הענט זייערע פֿלעגן זיי באַנוצן צום אָראָפּקלאַפּן, אַראָפּרײַסן די פּרוכטן. שוין דעמלט האָבן די הענט געשפּילט אַ גאָר וויכטיקע ראָליע באַם אויפֿזאַמלען די שפּײַז־שטאָפֿן. ווען דער ראָליע פֿון די הענט אינעם לעבן פֿון אונדזערע מאַלפּעאַרטיקע פּאָרגייער קאָנען מיר אויסאַרבעטן אַ פֿאָרשטעלונג, צוקוקנדיק דאָס לעבן פֿון די הײַנטצײַטיקע מאַלפּעס. אייניקע מאַלפּעס בויען מיט די הענט נעסטן אַף די ביימער, זיי כאַפּן שטעקנס צום אַראָפּקלאַפּן די פּרוכטן אָדער צו שיצן זיך פֿון פֿײַנט.

מיט געוויסע, צוערשט ניט־קאָמפּליצירטע אָפּעראַציעס האָבן די מענטשנאַרטיקע מאַלפּעס געקאָנט אויסגעפֿינען לעבנסמיטלען דאָרטן, ווו אַנדערע באַלעבאַטיִם האָבן דאָס ניט געקאָנט. אָנשטאָט אויפֿצוזעסן בלויז דאָס, וואָס די נאַטור גיט אַליין, הייבן אָן אונדזערע פּאָרגייער אויסצוקוקמפּן אקטיוו לעבנסמיטלען בײַ דער נאַטור.

די אַרבעט איז אַלץ מער און מער געוואָרן דער גרונט־קוואַל פֿאַר דער עקזיסטענץ פֿון אונדזערע פּאָרגייער. ווען עס קומט אויף די געזעלשאַפֿטלעכע אַרבעט, קומט פֿאָר אַ גרינטלעכע ענדערונג אינעם אַרט לעבן פֿון די מאַלפּע־ענלעכע פּאָרגייער אונדזערע. טאַקע פֿון דעם מאָמענט אָן, ווען די געזעלשאַפֿטלעכע אַרבעט ווערט דער יעסאָד פֿונעם געזעלשאַפֿטלעכן לעבן, הייבט זיך אָן די געשיכטע פֿון דער מענטשלעכער געזעלשאַפֿט. וואָס מער עס האָט זיך אַנטוויקלט די געזעלשאַפֿטלעכע אַרבעט, אַלץ מער האָט זיך קעסיידער געענדערט דער אַרט לעבן פֿון די אוראַלטע מענטשן. אין דער זעלבער צײַט האָט זיך אויך קעסיידער געענדערט זייער פֿיזישער געבוי. צוביסלעכווײַז האָבן די מאַלפּע־ענלעכע מענטשן אָנגעוואָרן די מאַלפּע־שטריכן און האָבן גענומען ווערן נעענטער נאָך זייער אויסזען צום הײַנטצײַטיקן מענטשן.

פֿאַר אַלע ענדערונגען אינעם געבוי פֿון זײַן אָרגאַניזם, פֿאַר אַלע דערפֿאָלגן אינעם אונטערוואַרפֿן צו זיך די נאַטור האָט דער מענטש צו פֿאַרדאַנקען דורכויס דעם פּראָצעס פֿון אַרבעט. דער אַר־

בעט־פּראָצעס באשטייט פונ דער קעגנזײַטיקער ווירקונג פונ די דרײַ עלעמענטנ: 1) דעמ מענטשנס צוועקמעסיקע טעטיקײַט, 2) דער אָבּיעקט פונ דער ארבעט, וואָס דער מענטש באווירקט אימ אונ 3) דאָס ארבעט־געצײַג, מיט וועלכנ דער מענטש ענדערט די אויסערלעכע נאַטור. דעמ מענטשנס ארבעט איז געזעלשאפטלעכע ארבעט, אונ טאקע די געזעלשאפטלעכע ארבעט שיידט אָפּ דעמ מענטשנ פונ די באלעכײַיִמ. נאָר עס איז ווייניק צו זאָגנ, אז די ארבעט שיידט אָפּ דעמ מענטשנ פונ די באלעכײַיִמ; זי האָט געשאפנ דעמ מענטשנ גופע; זי האָט געשאפנ די אלע מאטעריעלע אונ גײַסטיקע מײַלעס, וואָס דערהייבנ די מענטשנ איבער דער וועלט פונ די באלעכײַיִמ.

לאָמיר צוערשט באטראכטנ די ווירקונג פונ דער ארבעט אפנ פיזישנ געבוי פונ א מענטשנ. די באדינגונגענ פונ דער אומגעבונג האָבנ געצוווּנגענ אונדזערע מאלפּעארטיקע פּאָרגייער צו מאכנ פרימיטיווע ארבעט-אקטנ, קעדיי צו ארויסבאקומענ לעבנסמיטלענ. נאטירלעכ, די הענט פונ די אוראלטע מענטשנ האָבנ זיכ געמוזט ספּעציִאליזירנ אפּ באשטימטע באוועגונגענ. איבער דעמ דויערהאפטנ איבנ זיכ האָבנ די אָרגאנענ פונ אונדזערע פּאָרגייער געמוזט ווערנ אלץ מער אונ מער פולקומ, ווי עס ווערנ פארפולקומט די הענט בא דעמ, וואָס לערנט זיכ, אשטייגער, שמידערײַ צי סטאָלערײַ אאוו.

דעמ אוראלטנ מענטשנס אָרגאנענ האָבנ גענומענ ווערנ באזונדערס פארפולקומט, ווענ ער האָט אָנגעהויבנ אויסצוארבעטנ איינפאכע פרימיטיווע געצײַג. די ארבעט אינ אייגנטלעכנ זינ פונ וואָרט הייבט זיכ אָנ ערשט דעמלט, ווענ די מענטשנ הייבנ אָנ אויסארבעטנ אונ באנוצנ דאָס אָדער יענע געצײַג צומ ארויסבאקומענ לעבנסמיטלענ. אָט דאָס אויסארבעטנ געצײַג האָט געהאט א קאָלאָסאלע ווירקונג אפּ דער אנטוויקלונג, אפּ דער ספּעציִאליזירונג אונ אפּ דער פארפולקומונג פונעמ מענטשנס אָרגאנענ. קעדיי ארומצוטעסענ, צו פארשפּיצנ א שטעקנ אָדער א שטיינ, קעדיי אויסצוארבעטנ א שטיינערנעמ מעסער אָדער א ביינערנע נאָדל, דארפ מענ מאכנ אינ מעשעכ פונ א לאנגער צײַט א מאסע סאמע פארשיידענע אונ קאָמפּליצירטע אָפּעראציעס. מע דארפ דערבײַ האָבנ א סאכ געשיקטקײַט, דאָ פאָדערט זיכ פײַנקײַט פונ די באוועגונגענ, אונ אמאָל אויכ א קאָלאָסאלע אָנשטרענגונג פונ פיזישע קויכעס (צומ בײַשפּיל באמ אויסאַרבעטנ

שטיינערנ געצײַג). די אוראַלטע שטיינערנע העק, וואָס די געלערנטע געפינען בא די אויסגראָבונגען, גיבן א פאָרשטעלונג וועגן די קאָ־



3. האנט־העק (1—3) און געצײַג (4—8)

לאָסאַלע אָנשטרענגונגען, וואָס די אוראַלטע מענטשן האָבן געמוזט מאכן צו אויסארבעטן זיי.

דאָס אויסארבעטן געצײַג איז געוואָרן אלץ מער און מער קאָמ־פליצירט, די אָנווענדונג פון דעם געצײַג איז געוואָרן אלץ ברייטער און ברייטער, און דאָס האָט גיך און באדײַטנדיק פארפולקומט אלע אָרגאנען פון אונדזערע פאָרגייער.

די דערגרייכונגען פון די אוראַלטע מענטשן, די פארפולקומונג

פון זייערע אָרגאנען אדאנק די ארבעט־אָפעראציעס וואָלטן ניט גע־האט קיין שום באדייטונג פאר דער געשיכטע, ווען די געוווינהייטן און די געשיקטקייטן, וואָס דער מענטש האָט זיך איינגעשאפט דורכן איבן זיך, וואָלטן פארלוירן געגאנגען, ווי נאָר ער שטארבט. עס איז באוווּסט, אז די געשיקטקייטן און די פיזישע קראפט, וואָס מע שאפט זיך איין דורך איבונג, יארשענען ניט די קינדער פון די עלטערן. מיר ווייסן דאָך, אז דער זון פון א געזונטן און פיזיש אנטוויקלטן שמיד ווערט אָפט געבאָרן א שוואכער און דערגרייכט קיינמאָל ניט צו זיין פאָטערס געשיקטקייט; מיר ווייסן אויך, אז א גרויסער מוזי־קאנט האָט אָפט קינדער, וואָס זיינען גאָר ניט קיין מוזיקאנטן אָדער זיינען אפילע אבסאָליוט ניט פייִק צו מוזיק.

אָבער דאָס אלץ איז ריכטיק נאָר ווען מיר ריידן וועגן אן איינ־צלנעם מענטשן, וועגן איין דאָר. די געשיכטע האָט אָבער צו טאָן מיט מיליאָנען מענטשן און מיט טויזנטער דורות. די פארפולקומונג פון די אָרגאנען, וואָס די עלטערן האָבן זיך איינגעשאפט דורכן אי־בונג, ווייזט זיך ניט אלעמאָל ארויס בא זייערע קינדער, אָבער פאר דער גאנצער געזעלשאפט, פאר דער אנטוויקלונג פון דער מענטשהייט פארשווינדט זי ניט אָן שפורן. די דערגרייכונגען, וואָס די מענטשן שאפן זיך איין, מערן זיך, זיי זאמלען זיך אָן אין מעשעך פון א לענגערער צייט און די נאָכקומענדיקע דורות נעמען דאָס איבער.

איינער פון די גרונטלייגער פונעם מארקסיזם, ענגעלס, האָט דער־ריבער געזאָגט, אז „די האנט איז אזויארום ניט נאָר אן אָרגאן פון ארבעט, זי איז אויך א פּראָדוקט פון ארבעט. נאָר אדאנק דער ארבעט, אדאנק דער צופאסונג צו אלץ נייע אָפעראציעס, אדאנק דעם, וואָס עס ווערט געיארשנט די אזויארום דערגרייכטע באזונדערע אנטוויקלונג פון די מוסקלען, פון די בענדער און — אין גרעסערע צייט־אָפּשניטן אויך — פון די ביינער, ווי אויך אדאנק דער אלץ נייער אָנווענדונג פון די דאָזיקע פארפולקומונגען צו נייע, אלץ מער קאָמ־פּליצירטע אָפעראציעס, — נאָר אדאנק דעם אלעם האָט דעם מענטשנס האנט דערגרייכט צו א הויכער מאדרייגע פון פארפולקומונג.“

די ארבעט האָט ניט נאָר געענדערט דעם מענטשנס פיזישע אייגנשאפטן, זי האָט ניט נאָר פארפולקומט זיינע אָרגאנען, זי האָט אויך ארויסגערופן ענדערונגען אין די קעגנזייטיקע באציִונגען פון די מענטשן. און אין דער זעלבער צייט האָט זי אויך פארפולקומט זיי־

ערע אינטעלעקטועלע פייִקייַטן. דאָס ריידן, דאָס דענקען און שפּעטער אויך די וויסנשאפטלעכע דערקענטעניש פון דער נאטור — דאָס אלץ נעמט זיך פון דער פּראָדוציר־טעטיקייַט פון די מענטשן.

אונדזערע אוראָלטע מאלפּעארטיקע פּאָרגייער האָבן געלעבט ניט איינציקווייַז נאָר גרופּעסווייַז, אין סטאדעס. זייער געמיינזאמע גרופּן־לעבן האָט זיך מיט גאָרניט ניט אונטערשיידט פונעם גרופּן־לעבן פון א סטאדע אנדערע באַלעכייַים. ווען עס קומט אויף און עס אנטוויקלט זיך די ארבעט, בייַט זיך אינגאנצן דאָס בילד פונעם געזעלשאפטלעכן לעבן פון אונדזערע פּאָרגייער. דער יעסאָד פון דער גאנצער געזעלשאפטלעכער אנטוויקלונג פון אלע געווינסן פון דער מענטשהייַט איז די געזעלשאפטלעכע קאָלעקטיווע ארבעט.

יאגד, דאָס בויען וווינונגען, דאָס אויסארבעטן קאָמפּליצירטע געצייַג, דאָס באשיצן זיך פון די אָנפאלן פון ווילדע כייַעס אאוו, — דאָס אלץ איז געווען ניט פאר די קויכעס פון איין מענטשן. די געמיינזאמע געזעלשאפטלעכע ארבעט האָט באהעפט די מענטשן, האָט געמאכט זייער שטענדיקן פארקער אינעם פּראָצעס פון דער ארבעט פאר א לעבנס-נייטיקייַט. אויב פריִער פלעגן די מאלפּעארטיקע פּאָרגייער אונדזערע ווינען צוזאמען, נאָר ארויסבאקומען שפּייַז און ארפּעסן פלעגן זיי יעדערער באזונדער, איז שפּעטער, ווען עס קומט אויף די ארבעט, ווערט אויך דאָס ארויסבאקומען די שפּייַז־ארטיקלען א געזעלשאפטלעכע זאך.

די נייטיקייַט פונעם פארקער צווישן מענטשן, וואָס קומט פון דער געמיינזאמקייַט פון דער ארבעט, האָט געשאפן די באדערפעניש צו דערקלערן איינער דעם אנדערן, די באדערפעניש צו געבן צו פארשטיין איינער דעם אנדערן, וואָס מע וויל און וואָס מע מיינט. דער געזעלשאפטלעכער ארבעט־פּראָצעס קאָן ניט געמאָלט זייַן אָן צונויפגערעדטקייַט, ער פאָדערט, אז די מענטשן, וואָס באטייליקן זיך אין דעם דאָזיקן פּראָצעס, זאָלן זיך צונויפריידן. די אנטוויקלונג פון דער מענטשלעכער ארבעט האָט געפאָדערט עפּעס א געצייַג פאר דערקלערונג, פארן פארקער צווישן מענטשן. און אזא געצייַג איז די שפּראך, דאָס ריידן.

די כייַעס האָבן ניט קיין ארטיקולירטע שפּראך און זיי האָבן

אין דעם קיין באדערפעניש ניט. „דאָס ווינציקע, — זאָגט ענגעלס, — וואָס זיי (די כייעס — פּ. פּ), אפילע די סאמע אנטוויקלטע פון זיי, האָבן מיטצוטיילן איינער דעם אנדערן, קאָן אמבעסטן מיטגעטיילט ווערן אויך אָן דער הילף פון אן ארטיקולירטער שפּראך".

די געזעלשאפטלעכע ארבעט האָט ניט נאָר ארויסגערופן די נייטיקייט פון אן ארטיקולירטער שפּראך, זי האָט אויך געשאפן די סיבעס פאר איר אויסבילדונג. די געלערנטע האָבן פעסטגעשטעלט, אז די עלטסטע פאָרם פון ריידן איז דאָס איבערגעבן די געדאנקען דורך זשעסטן, באוועגונגען און ארבעט־אויסגעשרייען. אָט די מאַטעריעלע שפּראך האָט צוערשט אינגאנצן באפרידיקט די מענטשן בא זייער ניט־קאָמפּליצירטן פארקער צווישן זיך. די באוועגונגען גופע, דורך וועלכע עס פלעגט פאָרקומען דער מייגונג־אויסטויש, האָבן קאָפּירט די ארבעט-אָפּעראציעס. די שפּראך פון די באוועגונגען איז געווען פארשטענדלעך פאר די אוראלטע מענטשן טאקע ווייל זי האָט רעפּראָדוצירט, איבערגעכאזערט אלעמען באוווסטע ארבעט-אָפּעראציעס. אָט די שפּראך פון באוועגונגען איז געווען גענוג רייך. מיר האָבן שוין געזען, אז אינעם פּראָצעס פון ארבעט און אונטער דער ווירקונג פון ארבעט זיינען די באוועגונגען פונעם קערפּער און, באזונדערס, די הענט געוואָרן אלץ מער בייגעוודיק און פארשיידנארטיק. די היפשע פארשיידנארטיקייט פון די באוועגונגען האָט געגעבן דעם אוראלטן מענטשן די מעגלעכקייט אויסצודריקן מיט זיי די נייטיקע געדאנקען. ווען די פּראָדוציר־טעטיקייט און די געזעלשאפטלעכע באציונגען פון די מענטשן זיינען געוואָרן קאָמפּליצירטער, האָט די שפּראך פון באוועגונג שוין ניט געקלעקט. צו דער שפּראך פון זשעסטן קומט צו אלץ מער און מער די קלאַנגען־שפּראך; זי איז אויך אנטשטאנען און האָט זיך אנטוויקלט אין דער ענגסטער פארבינדונג מיט דעם מענטשנס פּראָדוציר-טעטיקייט.

ווען עס קומט אויף די קלאנגען־שפּראך, ווערט די זשעסטן־שפּראך ניט פארניכטעט. זי ווערט אָפּגעשטויסן אפן הינטער-פּלאן, זי הייבט אָן שפּילן א באהילפיקע ראָליע, אָבער זי פארלירט קיינמאָל ניט איר באדייטונג אינגאנצן. בא די היינטצייטיקע אָפּגעשטאנענע פעלקער איז די זשעסטן־שפּראך א מאמאָשעסדיקע און א נייטיקע דערגאנצונג צו דער קלאנגען־שפּראך, און אפילע בא די היינטצייטיקע ציוויליזירטע פעלקער האָט די זשעסטיקולאציע א גרויסע באדייטונג אינעם פּראָצעס פון ריידן.

באגלייַכ מיט דער אנטוויקלונג פונ דער שפראכ, אונטער דער ווירקונג פונ די זעלבע סיבעס האָט זיכ אנטוויקלט, איז באריַיכערט געוואָרנ דאָס מענטשלעכע דענקענ. אָנ דער נייטיקייַט צו באנעמענ דעמ זינ פונ פראָדוציר־פראָצעס, אָנ דער נייטיקייַט צו פארטראכטנ, אָנצומערקנ דעמ וויַיטעררייקנ ארבעט-פראָצעס וואָלט דאָס דענקענ געוועג א ניט נייטיקע אונ אומעגלעכע זאכ. דאָס דענקענ, ווי די שפראכ, קומט אופ אינ פראָצעס פונ דער געזעלשאפטלעכער ארבעט אונ איז בארופנ צו באדינענ דעמ דאָזיקנ פראָצעס. טאקע דער ארבעט־פראָצעס שטעלט פארנ געדאנק אופגאבנ, פראגנ, אונ אזויארומ שטויסט ער אימ צומ אנטוויקלענ זיכ. א באלעכיי דערקענט, באגריַיפט די אויסערלעכע וועלט אינ גאָר א שוואכער מאָס אונ אינ אנ אומפולקומער פאָרמ, טאקע וויַיל ער פראָדוצירט גאָרניט. א מענטש שטודירט, דערקענט די אויסערלעכע נאטור ניט פונ טשיקאַוועס וועגנ, נאָר וויַיל אימ שטויסנ דערצו די באדערפענישנ פונ זיַינ פראָדוציר־טעטיקייַט.

דאָס דענקענ אונ די שפראכ אנטוויקלענ זיכ ניט בלויז אינ צוזאמענהאנג מיט דער אנטוויקלונג פונ דער געזעלשאפטלעכער ארבעט אלס זייער מאטעריעלער יעסאָד, נאָר אויכ אינ ענגנ צוזאמענהאנג איינס מיטנ אנדערנ. דאָס דענקענ וואָלט זיכ ניט געקאָנט אנטפלעקנ אָנ דער שפראכ. די שפראכ וואָלט געווענ ניט נייטיק, ווענ עס וואָלט ניט געווענ וואָס צו זאָגנ. די באריַיכערונג פונ דער שפראכ אונ די אנטוויקלונג פונ דעמ דענקענ ווערט פארגיכערט דורכ זייער קעגנזיַיטיקער אופווירקונג, דורכ זייער קעגנזיַיטיקער שטיצע.

דאָס דענקענ אונ די שפראכ זיַינענ געקומענ אלס פראָדוקט פונ נעמ פראָצעס פונ דער געזעלשאפטלעכער פראָדוקציע. אָבער, אז זיי זיַינענ אנטשטאנענ אונ זיי זיַינענ געוואָרנ רייַכ, האָבנ זיי גופע געהאט א מעכטיקע ווירקונג אפ דער גאנצער געזעלשאפטלעכער אנטוויקלונג, דערונטער אויכ אפנ ארבעט-פראָצעס גופע. אדאנק דעמ דענקענ אונ אדאנק דער שפראכ איז געוואָרנ מעגלעכ דער סאמע פארשיידנארטיקער פארקער פונ די מענטשנ איינער מיטנ אנדערנ. די שפראכ אונ דאָס דענקענ האָבנ ביז גאָר טעטיק מיטגעהאָלפנ צו באהעפטנ די מענטשנ אינעמ פראָצעס פונ דער געזעלשאפטלעכער ארבעט. די אנטוויקלונג פונ די געזעלשאפטלעכע פארבינדונגענ אונ

באַציִונגען האָט אין זייער געשטאַלט באַקומען אַ גאָר מעכטיקן פאַר־בינדעטן.

פאַרן טעכנישן פּראָגרעס פון דער אוראַלטער געזעלשאַפט האָט די אַנטשטייונג פונעם דענקען און פון דער שפּראַך געהאַט אָן אַ שיר רעזולטאַטן. אַדאַנק דעם איז געוואָרן גאַנץ איינפאַך און צונגען־גלעך דאָס איבערגעבן די טעכנישע דערפאַרונג, די געוווינהייטן, די אָנזאַמלונג פון טעכנישע דערגרייכונגען, אַדאַנק דעם האָבן די נייע דורות באַקומען די מעגלעכקייט איבערצונעמען די דערפאָלגן פון זייערע פאָרגייער אַאַוו. די ראַמען פון דער געזעלשאַפטלעכער פּראָ־דוקציע און פון געזעלשאַפטלעכן לעבן זיינען פאַרברייטערט געוואָרן. דאָס דענקען און די שפּראַך האָבן פאַרגרינגערט ניט נאָר דעם פאַרקער אין דער געגעבענער מענטשן־גרופּע, נאָר אויך די קעגנזייטיקע באַ־ציִונגען צווישן די דאָזיקע גרופּן. דאָ האָבן אפילו ניט געקאָנט שטערן די אָפּגעזונדערטקייט פון די מענטשן־גרופּן, דער אונטערשייד פון די שפּראַכן, וואָס איז אַנטשטאַנען מאַכמעס דער לעכאַטכילעדי־קער צעשיידטקייט.

וועגן די פאָרמען און דעם כאַראַקטער פון דער פּראָדוציר־טע־טיקייט פון די אוראַלטע מענטשן קאָנען מיר באַקומען אַ פאָרשטע־לונג בלויז, ווען מיר וועלן זיך באַקענען מיט זייער אַרבעט־געצייג.

מיר האָבן ניט נאָר רעשטן סקעלעטן פון אונדזערע אוראַלטע פאָרגייער, מיר האָבן אויך אייניקע שטיינערנע און ביינערנע געצייג. וואָס נעענטער די עפּאָכע איז צו אונדז, אַלץ מער געפינט מען אַמאָליק געצייג, אַלץ פולקומער, פאַרשיידנאַרטיקער און קאָמפּליצירטער איז דאָס געצייג גופא. שטיינערנע געצייג, — ריכטיקער גערעדט, שטיינער מיט שפּורן פון באַאַרבעטונג, — געפינען די געלערנטע אין אַ גרויס־סער צאָל. אָט דאָס אַמאָליקע געצייג פלעגט מען מאַכן דעריקער פון קיזלשטיין. די שערבלעך, וואָס פלעגן זיך באַקומען באַם צעשפּאַלטן דעם קיזלשטיין, פלעגט מען עטוואָס באַאַרבעטן, אַרומטעסען און באַנוצן פאַר סאַמע פאַרשיידענע צוועקן. פאַר דעם אוראַלטן מענטשן איז דאָס געווען אַ מעסער, אַ שקראָב־אייזן, אַ האַק, אַן עגבער אַאַוו. ווי עס ווייזט אויס, האָט מען די אַלע געצייג באַנוצט אָן אַ הענטל. מיר קומען צו אַזאַ אויספיר, ווייל מיר זעען, אַז אַרומגעטעסעט, פאַר־שפּיצט איז ניט די גאַנצע אויבערפלאַך פון דעם געצייג; פאַרקערט, געוויסע ערטער זיינען בעקיוון איבערגעלאָזן טעמפּ, זיי זיינען צוגע־

געפּאַסט צום האַלטן. אָט די גאַר אַלטע עפּאָכע פונעם לעבן פון די מענטשן ווערט אָנגערופן דער אונטערשטער פּאַלעאָליט, דה, די פריִיִקע ערע פונעם אוראַלטן שטיין-פּעריִאָד.

באַ זײַן גאַנצער איינפּאַכקײַט, באַ זײַן גאַנצער אומפּולקום-הײַט האָט דאָס דאָזיקע געצײַג פונדעסטוועגן אַ סאַך פאַרגרעסערט דעם מענטשנס קויעך, עס האָט אים אויסגעטיילט פון דער איבע־ריקער באַלעכײַיִם-וועלט. די ביינער פון די באַלעכײַיִם, וואָס מע גע־פינט צוזאַמען מיטן סאַמע עלטסטן געצײַג, באַווײַזן, אַז דער אוראַלטער מענטש פלעגט דערהאַרגענען אַזוינע באַלעכײַיִם, וואָס זײַנען געווען אַ סאַך שטאַרקער און גרעסער פון אים. מיט יאַגד אַפ גרויסע כײַעס איז געווען אומעגלעך צו פאַרנעמען זיך איינציקווײַז, און מיר קאָנען זאָגן זיכער, אַז די אוראַלטע מענטשן האָבן געוווינט גרופּנ־ווײַז, די געזעלשאַפטלעכע פאַרבינדונג פון די דאָזיקע אורעלטסטע מענטשן פלעגט זיך אויסדריקן אין זייער „סטאַדע"־אַרטיקן אויפן לעבן. דעריבער רופט מען אָן זייער געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציע „די אוראַלטע סטאַדע". די דאָזיקע „אוראַלטע סטאַדע" איז די עלטסטע פאָרם פון דעם מענטשנס געזעלשאַפטלעכן לעבן.

דער ווײַטערדיקער פּעריִאָד אין דער אַנטוויקלונג פון דער אוראַל־טער געזעלשאַפט ווערט אָנגערופן דער אויבערשטער פּאַלעאָ־ליט אָדער די שפּעטערע ערע פונעם אוראַלטן שטיין-פּעריִאָד. מיצאַד דער טעכניק קאָן דער דאָזיקער פּעריִאָד אויסגעפאָרשט ווערן מער זיכער און אויספירלעך. מיר האָבן אַ קאָלאָסאַלע צאָל אַלערליי געצײַג פון דער דאָזיקער עפּאָכע. באַזונדערס רײַך איז אין דער דאָ־זיקער הינזיכט פראַנקרײַך. די פראַנצויזישע היילן אָריניאַק, סאָליוטרע און מאַדלען האָבן אונדז אופגעהיט אַ גרויסן מאַטעריאַל צום שטו־דירן די אַנטוויקלונג פון דער אוראַלטער שטיין־טעכניק. די דאָזיקע היילן זײַנען ניט די איינציקע. באַלד נאָך זיי זײַנען אַנטדעקט גע־וואָרן צענדליקער און הונדערטער אַזוינע היילן. מיט די נעמען פון די ערשטע אַנטפּלעקטע היילן האָט מען אָנגערופן די דרײַ קולטורן פונעם אוראַלטן שטיין-פּעריִאָד, וואָס גייען איינע נאָך דער אַנדערער: די אָריניאַקער, די סאָליטריער און די מאַדלענער. די דאָזיקע דרײַ קולטורן זײַנען דרײַ נאָכאַנאַנדיקע שטופן אין דער אַנטוויקלונג פון דער שפּעטער סקופע פונעם אוראַלטן שטיין־פּעריִאָד.

די שפּעטע ערע פונעם אוראַלטן שטיין־פּעריִאָד אונטערשיידט זיך

אין פארגלייַך מיט דער פאַבריקער ערע דערמיט, וואָס די שטיינערנע און די ביינערנע געצייַגן ווערן א סאך פולקומער. אין באַגינען פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט פלעגט דאָס שטיינערנע געצייַג קוים באַארבעט ווערן, מע פלעגט עס מער ניט ארומטעסען, אָבער אף דעם געצייַג פונעם אוראַלטן שטיינ־פעריאָד ליגט שוין א שטעמפּל פון אייַנגעשפּארטער ארבעט. דאָ דאָמינירט שוין די טעכניק פון שפּאַלטן און שפּעטער אויך די טעכניק פון אָפּדרוקן באַם אויסארבעטן געצייַג. אלזאָ, ניט נאָר די מאסע פונעם שטיין, נאָר אפילו זייַנע שערבלעך ווערן א מאטעריאל צום אויסארבעטן געצייַג. דאָס באַארבעטן באַשטייט אין אָנדריקן די אויבערפלאַך פון דעם געצייַג. דערביי ווערט מעגלעך אויסצואַרבעטן מער פיינס, קאָמפּליצירטס און פארשיידנאַרטיקע געצייַג. דאָס געצייַג גופא באַקומט אַלץ מער א באַשטימטע פאָרם און א באַשטימטן צוועק. שוין בייַס דער אָריניאַקער קולטור ווערן אָנגעמערקט די פאָרמען פון א מעסער, פון א שקראָב־אייַזן, און א שפּיז אאַזוו. אין דעם קומענדיקן פעריאָד — אין דעם פעריאָד פון דער סאָליוטרע־קולטור איז דער צוועק פון די אַלע געצייַג אויסגעדריקט גאָר דייַטלעך. דאָ קאָנען מיר שוין ריידן זיכער וועגן שטיינערנע העק, מעסערס, שפּיזן פון שווערדן אאַזוו. באַגלייַך מיטן שטיינערנעם געצייַג באַוויַזט זיך אויך ביינערנע געצייַג. פון ביין פלעגט מען אויסארבעטן פארשיידענע שפּיציקע נאָדלען, שפּיזן פון שווערדן, פייַלן, האַרפּונעס (ווארפ־שפּיזן).

דער אוראַלטער שטיינ־פעריאָד האָט געדויערט איבער הונדערט טויזנט יאָר. אין מעשעכ פון אָט דעם קאָלאָסאַלן פעריאָד האָבן זיך אַנטוויקלט אַלע זייַטן פונעם אוראַלטן געזעלשאַפטלעכן לעבן באַגלייַך מיט דער אַנטוויקלונג פון דער טעכניק און פון דעם מענטשנס פּראָדוציר-טעטיקייַט. נאָך די רעשטן געצייַג פון יענער עפּאָכע קאָן מען באַשליסן, אז די הויפּט-פאָרם פון דער ווירטשאַפטלעכער טעטיקייַט איז געוואָרן יאגד. אין סאָף פון דער דאָזיקער עפּאָכע האָט אָנגעהויבן צו שפּילן א היפּשע ראָליע אויך דער פישפאַנג. דאָס הייסט, נאַטירלעך, ניט, אז אלע נייטיקע שפּייַז-מיטלען פלעגט דער מענטש פונעם אוראַלטן שטיינ-פעריאָד ארויסבאַקומען דורך יאגד אָדער דורך פישפאַנג. א היפּשן טייל שפּייַז, עפּשער דעם גרעסטן טייל, פלעגט דער אוראַלטער מענטש נאָך אלץ נעמען בא דער נאַטור דירעקט, דה ער פלעגט אויפזאַמלען דאָס, וואָס עס איז געוואַקסן אין

דער נאַטור פאַרטיקערהייט: פּרוכטן, קרײַטעכצער, מושלען אאַז. „בלויז יאַגד־פעלקער, — זאָגט ענגעלס, — אַזוינע, וואָס לעבן נאָר פון יאַגד, זײַנען קיינמאָל ניט געווען. פאַר דעם זײַנען די רעזולטאַטן פון יאַגד צו אומזיכער". זיי האָבן ניט שטענדיק געקאָנט באַפרידיקן די באַדערפעניש אין די נייטיקע שפּײַז־מיטלען.

יאַגד און פישפאַנג זײַנען טאַקע ניט געווען די איינציקע קוואַלן פון לעבנסמיטלען, אָבער זײַענדיק הויפּט־פאָרמען פון דער פּראָדוציר־טעטיקײַט, האָבן זיי באַשטימט די אָרדענונג פון געזעלשאַפטלעכן



4. הייל־מאָלערײַ

לעבן און די וועלט־אָנשויונג פון דעם אוראַלטן מענטשן. דאָס אופזאַמלען די פאַרטיקע שפּײַז האָט אפילו געגעבן א היפּשן טייל שפּײַז־מיטלען, אָבער דאָך איז דאָס געווען א בײַ־אַרבעט.

דאָס בילד פון דער פּראָדוציר־טעטיקײַט פון די מענטשן פונעם אוראַלטן שטיין־פּעריאָד קאָן מען אָנמאָלן ניט בלויז אפן סמאַך פון דעם געצײַג פון יענער עפּאָכע, וואָס איז צו אונדז דערגאַנגען. מיר קענען דערגאַנצן דאָס בילד אויך מיט די דענקמעלער פון דער אור־אַלטער קונסט, וואָס זײַנען פאַרבליבן. פונעם אוראַלטן שטיין־פּעריאָד זײַנען געבליבן היילן, וואָס זייערע ווענט האָט באַפּוצט די האַנט פון אַן אוראַלטן קינסטלער. באַזונדערס פיל אַזוינע היילן האָט מען געפונען אין פראַנקרײַך און אין שפּאַניע. די הייל־מאָלערײַ און די קולטור פונעם אוראַלטן שטיין־פּעריאָד, באַזונדערס פון סאָף פון דעם דאָזיקן פּעריאָד, איז א מערקווירדיקע דערשײַנונג אין דער אַנטוויקלונג פון דער מענטשלעכער קולטור. די וואָרהאַפטיקײַט פון

דער שילדערונג, די פײַנקײַט, די גראַנדיעזקײַט פון דער באַאַרבעטונג — רופט אַרויס אונדזער באַוווּנדערונג. מיט אינגאַנצן אומפוףקום געצײַג איז דער אוראַלטער קינסטלער דערגאַנגען צו אַ הויכער מײַסטערשאַפט.

דער אינהאַלט פון דער הייל־מאָלערײַ, פון די באַרעליעפן און פון די באַזונדערע סקולפּטורן, זײַנען דעריקער געמעלן פון כײַעס אין סאַמע פאַרשיידנאַרטיקע פּאָזעס. די פּרימיטיווע שילדערונגען באַווײַזן, אַז דער מענטש האָט געפירט אַ יאַגד ניט בלויז אויף קליינע, נאָר אויך אויף גרויסע כײַעס. צווישן די דענקמעלער פון דער אוראַלטער קונסט טרעפן מיר די שילדערונגען פון די גרעסטע כײַעס, — די אוראַלטע מענטשן האָבן זיי דערהאַרגעט מיט האַרפּונעס. דאָ האָבן מיר אַן אומדירעקטן באַווײַז, אַז די אוראַלטע מענטשן האָבן געוווינט ניט איינציקווײַז, נאָר אין ענג באַהעפטע גרופּן, וואָס קאָנען אַרויסטרעטן צום קאַמף קעגן אַזוינע גיגאַנטן פון דער כײַעס־וועלט, ווי דער מאַמאָנט, דער ביזאָן אאַז״וו. צו יענער צײַט האָבן זיך שוין, ווײַזט אויס, אויסגעאַרבעט די קאָמפּליצירטע יאַגד־מעטאָדן, ווי גריבער, פאַסטקעס, אאַז״וו. דעם שפּעטן פּעריאָד פון דער אוראַלטער שטיין־צײַט אַנטשפּרעכט אין די געזעלשאַפטלעכע באַציִונגען די אוראַלטע קאָמונע. אָט די אוראַלטע קאָמונע איז דער ווײַטערדיקער שריט נאָך דער „אוראַלטער כטאַדע“ אין דער אַנטוויקלונג פון דעם מענטשנס געזעלשאַפטלעכן לעבן. מיטן כאַראַקטער פון דער אוראַלטער קאָמונע וועלן מיר זיך באַקענען נעענטער באַם באַטראַכטן דעם לעבן־שטייגער פון די הײַנטצײַטיקע אויסטראַליער, וואָס שטייען נאָך אויף דער לעצטער שטופע פון דער דאָזיקער גאָר אַלטער פאָרם פון געזעלשאַפטלעכן לעבן.

---

## 3. די הײַנטצײַטיקע אויסטראַליער

אין צענטראַלן טייל אויסטראַליע וווינען שוואַטים, וואָס לויט זייער אַנטוויקלונג, לויט זייער קולטור געהערן זיי צו דער מיטעלער שטיין־צײַט, ד. ה. צום איבערגאַנג־פּעריאָד פון דער אוראַלטער שטיין־צײַט צו דער נײַער שטיין־צײַט. די אויסטראַלישע שוואַטים זײַנען די עלטסטע פון אַלע הײַנטצײַטיקע אָפּגעשטאַנענע פעלקער.

ווען מיר שטודירן די אווסטראלישע שוואַטים, באַקומען מיר א רײַכן מאטעריאַל צו פארשטיין דאָס לעבן פון אונדזערע אוראַלטע פאָר־גייער.

דער מארקסיזם לערנט אונדז, אז די געזעלשאפטלעכע פּראָדוק־ציע באשטימט די אָרדענונג פון געזעלשאפטלעכן לעבן. אז דאָס געזעלשאפטלעכע זײַן באשטימט דעם מענטשנס באוווסטזײַן. אויב



5. אווסטראלישע מעסערס

דער פּראָדוציר־אופן פון צוויי פעלקער איז איינס און דער זעלבער, וועט אויך די אָרדענונג פון געזעלשאפטלעכן לעבן צונויפאלן, אין גרונט, בא די דאָזיקע צוויי פעלקער. פארגלײַכנדיק דאָס פארבליבענע געצײַג פון אונדזערע פאָרגייער פון דער מיטעלער שטיין־צײַט מיט דעם געצײַג פון די איצטיקע אווסטראלישע שוואַטים, זעען מיר איין, אז עס איז שטארק ענלעך. ס'איז קענטיק, אז דער צוועק און דער געברויך פון דעם דאָזיקן געצײַג איז אין אלגעמיין איינס און דער זעלבער בא אונדזערע פאָרגייער פון דער מיטעלער שטיין־צײַט און בא די איצטיקע אווסטראליער. מאכנדיק אזויארום דעם אויספיר וועגן דער ענלעכקײַט פונעם פּראָדוציר־אופן בא די אווסטראליער און בא די לאנג־אומגעקומענע מענטשן פון דער אוראַלטער שטיין־

צײַט, קאָנען מיר ריידן אויך וועגן דער ענטדעקטקײַט פון זייער געזעל־שאפטלעכן לעבן.

דאָס געצײַג פון די אווסטראליער איז ניט גרויס אין צאָל, און לויט זײַן געבוי איז עס ביז גאָר איינפאך. דעם גרעסטן באטרעף פאר די אווסטראליער האָבן די שטיין-האַק און דער מעסער.

מיט דער שטיין-האַק און מיטן שטיינערנעם מעסער בויט אויף דער אווסטראליער זײַן איינפאכע וווינונג, מיט דער האַק און מיטן מעסער ארבעט ער אויך אויס זײַן יאגד־געווער. אכוץ א האַק און



6. יאגד אפ באלעכיִים מיט דער הילף פון הינט

א מעסער באשטייט דעם אווסטראליערס געווער פון א שטעקן, א ווארף־שפיז מיט א שטיינערנעם שפיץ און א בומעראנג. דער בומע־ראנג איז א צוריקגעבויגענער פלאכער שטעקן: ווען מע גיט אים א וואָרף, דרייט ער זיך. קיין פײַל און בויגן האָבן נאָך די אווסטרא־ליער ניט. א געצײַג, וואָס שפילט א ראָליע, אן ענלעכע אפ דער ראָליע פון פײַל און בויגן, איז דער שפיז־ווארפער. דאָס איז אן אפאראט צו פארגרעסערן דעם שווונג באם ווארפן דעם שפיז. דער שפיז־ווארפער איז א לענגלעכ ברעטל, וואָס איין עק פון אים נעמט מען אין האנט באם ווארפן, און אפן צווייטן עק זעצט מען ארויף דעם שפיז. אזוי ארום פליט דער שפיז ווײַטער און ער טרעפט מיט א גרעסערער קראפט.

די הויפט-פאָרם פון דער ווירטשאפטלעכער טעטיקײַט, וואָס גיט דעם גרעסטן טייל אווסטראלישע שוואַטים די גרונט-מאסע לעבנסמיט־לען, איז יאגד. מיט יאגד פארנעמען זיך דעריקער די מענער. די

פֿרויען שפּילן א צוויי־טראנגיקע ראָליע בא יאגד: זיי טראָגן די גע־הארגעטע ווילדפֿייגל, דאָס געווער פֿון די יעגער אאוו.

די אווסטראַליער האָבן שוין אויסגעארבעט געוויסע מעטאָדן פֿון יאגד. זיי ווייסן גוט די געוויינהייטן פֿון די בעלעכיים, דאָס אָרט און די צייט, ווו און ווען זיי פֿיטערן זיך. בא דער יאגד געברויכט דער



7. אן אווסטראַליער מיט א שפּיז־וואַרפער

אווסטראַליער אָפט כיטרע שטיק. ער טוט אָן אף זיך די פעל פֿון דערהארגעטן באַלעכיי, ער קריכט צו נאָענט צו די בעלעכיים פֿון דעם זעלבן מין, ווארפֿט אויס דעם קאָרבן און טרעפֿט אים גיך מיטן שטעקן אָדער מיטן שפּיז. די אווסטראַליער גייען אין יאגד מערסטנ־טיילס גרופּנווייז אונטער דער אָנפֿירונג פֿון די סאמע געניטע, בא־יאָרנטע יעגער. אין יאגד באַטייליקן זיך בא די אווסטראַליער אויך די הינט—די איינציקע באַלעכיים, וואָס די אווסטראַליער האָבן זיי צוגעוווינט.

נאטירלעך, די יאגד באווארנט ניט שטענדיק די אווסטראליער מיט די נייטיקע שפּײַז-מיטלען. אין א געוויסן פּעריאָד פון יאָר זײַנען די רעזולטאטן פון יאגד גאָר קנאפּע. דעריבער האָט בא די אווסטראליער נאָך א גרויסע באדײַטונג דאָס זאמלען גרייטע פּראָדוקטן. פרוכטן און קערנער פון געוויקסן, קרײַטעכצער, וואָס מע קאָן עסן, קליינע



8. מע באקומט פײַער דורך רײַבונג

באלעכײַים, אינזעקטן — דאָס אלץ בילדעט א היפּשן טייל פון דעם אווסטראליערס שפּײַז, און ווען די יאגד איז ניט געראָטן — אפילע דעם גרונט-טייל פון זײַן שפּײַז.

מיט יאגד פארנעמען זיך דעריקער מענער, אָבער זאמלען די שפּײַז — דאָס טוען די פרויען און די קינדער. די פרויען און די קינדער מוזן דערגאנצן דעם טייל שפּײַז־מיטלען, וואָס פעלט אויס. אָט דער טייל איז צײַטנווײַז גאנץ היפּש. עס טרעפט ניט זעלטן, אז די יאגד גיט זיך ניט אײַן. און דעמלט גייען די מאנסלײַט אריבער אפ קעסט צו די פרויען און קינדער.

אָט דעם ארט ווירטשאפטלעכע טעטיקײַט פון די אווסטראליער — דעם זאמלען — אנטשפּרעכט אויך באשטימט געצײַג. דאָס וויכטיקסטע איז דער ערד־גראָבער. דער ערד־גראָבער איז דאָס וויכטיקסטע געצײַג פון די פרויען און די קינדער. מיט אים גראָבן זיי אויס קרײַטעכצער, לעקעס פון אינזעקטן אאוו. מיטן ערד־גראָבער מאכט מען אויך ווייך דעם באָדן. געוויקסן-שפּײַז שפּילט בא די אווסטראליער א היפּשע

ראַליע. די קערנער צעמאָלן זיי מיט א פרימיטיוון מילשטיין. דער מילשטיין איז א גרויסע דערגרייכונג פון דער אווסטראלישער טעכניק.

פון פײַער ווייסן שוין די אווסטראליער אפאָנעם לאנג. זיי קאָנען עס ארויסבאקומען און היטן א לאנגע צײַט. פײַער באקומען זיי דורך רײַבונג. צוליב דעם באנוצט מען אן אייגנארטיקן אפאראט, וואָס באשטייט פון א הארט שטעקעלע און א שטיקל ווייך האָלץ: ווען מע רײַבט דאָס שטעקעלע אָן האָלץ באקומט זיך פײַער. אמאָל באנוצט מען צוליב דעם זעלבן צוועק א שפיז-ווארפער און א שילד. ארויסבאקומען פײַער קומט אָן שווער און עס דויערט לאנג, דעריבער סטארען זיך די אווסטראליער מיט אלע מיטלען אופצוהאלטן דאָס פײַער.

די אווסטראליער באנוצן פײַער צו סאמע פארשיידענע צוועקן: צו באלײַכטן, צו קאָכן שפײַז, צו באווארעמען די ווינונג, צום אויס־ארבעטן אייניקע געצײַג, בא רעליגיעזן ריטואל. ניט זעלטן ווערט פײַער באנוצט אויך בא דער יאגד צום ארומרינגלען די חײַעס אָדער ארויסטרײַבן זיי פון זייערע לעכער: מע צינדט אָן דאָס גראָז אין סטעפ אָדער די ביימער אין וואלד.

א באזונדערע אופמערקזאמקײַט פארדינט די געזעלשאפטלעכע אײַנאָרדענונג פון די אווסטראליער. באטראכטן די געזעלשאפטלעכע אײַנאָרדענונג פון די אווסטראליער איז באזונדערס וויכטיק, ווײַל אזוי־ארום קאָנען מיר כאָטש כיילוווײַז פאָרשטעלן זיך די אָרדענונג פון געזעלשאפטלעכן לעבן פון די מענטשן אין דער מיטעלער שטיין־צײַט.

די אווסטראליער ווינען געווײַנלעך גרופנווײַז. אין א גרופע איז פאראן פון 50 ביז 100 מאן.

אזוינע גרופן זײַנען די געזעלשאפטלעכע גרונט־קעמערלעך. אין די ראמען פון אזוינע געזעלשאפטלעכע גרופן גייט דורך די פראָדוציר־טעטיקײַט פון די אווסטראליער און זייער געזעלשאפטלעך לעבן. דאָס הייסט, נאטירלעך, ניט, אז דאָס לעבן פון די אווסטראליער שליסט זיך אײַן נאָר אין די ראמען פון קליינע געזעלשאפטלעכע קעמערלעך. מיר וועלן ווײַטער זען, אז צווישן די קרויווישע גרופן, וואָס בילדן דעם אָדער יענעם שייוועט, איז דאָ א גאָר ענגער צוזאמענבונד, א גאָר לעבהאפטער פארקער. אָבער דעם יעסאָד פונעם געזעלשאפטלעכן שטייגער פון די אווסטראליער בילדן פונדעסטוועגן

די דאָזיקע פארהעלטנמעסיק קליינע האָרדעס. די אזויגערופענע געשלעכט-און עלטער קאָמונעס.

די קרויווישע האָרדעס פארייניקן זיך אין א שייוועט, אָבער דער שייוועט איז ניט קיין פראָדוציר-איינס. אפ יאגד גייען די מענער פון איין האָרדע און אָפט אפילע ניט אלע מאנסלייט פון דער האָרדע, נאָר גרופנווייז צו צוויי־דריי מאן. דער מעטאָד פון יאגד באשטייט בא די אווסטראליער אין אויסשפירן זאָרגעוודיק די באלעכייִם, אין



9. א האָרדע פון מאלוויישע אינדזל־מענטשן

אָפטשאטעווען זיי פּאָרזיכטיק. און בא אזא מעטאָד קאָן מען ניט פירן קיין יאגד אין א גרויסן מאשסטאב, אין גרויסע גרופּן. דעריבער איז די געשלעכט און־ עלטער־קאָמונע פארהעלטנמעסיק ניט קיין גרויסע. די אנדער ארט ווירטשאפטלעכע טעטיקייט, — דאָס זאמלען שפּייז — פאָדערט אויך ניט קיין ארבעט פון א גרויסער גרופּע מענטשן. פארקערט, א גרויסע גרופּע מענטשן וואָלט פּאָשעט געוועזן א שטער־רונג, ווייל דער באגרענעצטער סכום שפּייז־מיטלען אינעם געגעבענעם אָרט איז ניט גענוג פאר א גרויסער צאָל מענטשן. אזויארום זעען מיר, אז דעם באשטאנד פון דער האָרדע באשטימט דער פּראָדוציר־אויפן פון די אווסטראליער.

צווישן די מיטגלידער פון דער אווסטראלישער געשלעכט-און עלטער-קאָמונע איז פאראן א מער אָדער ווייניקער שטאנדהאפטיקע איינטיילונג פון דער ארבעט. די צוויי וויכטיקסטע ארטן פון דער ווירטשאפטלעכער טעטיקייט — יאגד און דאָס קלייבן שפּייז — זיינען פארפעסטיקט פאר באשטימטע טיילן פון דער געשלעכט־און עלטער־קאָמונע. די יאגד פאָדערט א סאך קראפט, מע דארף דערביי

קאָנען א סאך אויסהאַלטן, מע דארף זײַן געשיקט. און עס איז נאַטירלעך, אז ניט אזא ארבעט פארנעמען זיך די מאנסלײַט. די פרויען און די קינדער טוען די ווייניקער קאָמפּליצירטע ארבעט: זיי קלײַבן די שפּײַז, זיי גרייטן זי צו.

אָט די פּרימיטיווע אײַנטיילונג פון דער ארבעט לייגט ארויף איר שטעמפּל אפן גאנצן כאראקטער פונעם געזעלשאפטלעכן לעבן פון די אווסטראליער. פון דעם אָרט, וואָס די מיטגלידער פון דער גרופּע פארנעמען אין דער געזעלשאפטלעכער פּראָדוקציע, הענגט אויך אָפּ זייער אָרט אינעם גאנצן געזעלשאפטלעכן לעבן. די פרויען און די קינדער פירן אויס אין דער פּראָדוציר־טעטיקײַט ווייניקער וויכטיקע, אונטערגעאָרדנטע פונקציעס, און אין געזעלשאפטלעכן לעבן פארנעמען זיי אויך א בידעויקערע, אונטערגעאָרדנטע לאגע.

אכוץ די דאָזיקע צוויי גרופּן, וואָס אונטערשיידן זיך איינע פון דער אנדערער לויט זייער אָרט אין דער פּראָדוקציע און אין געזעלשאפטלעכן לעבן, איז פאראן א דריטע גרופּע, — די אזויגערופענע „אלטע לײַט". צו דער דאָזיקער גרופּע געהערן דיווירקלעך אלטע און די יעגער, וואָס זײַנען אפילע ניט אלט, נאָר זיי צייכענען זיך אויס מיט זייער דערפארונג און מיט זייער געשיקטקײַט. די דאָזיקע גרופּע פארנעמט אין געזעלשאפטלעכן לעבן די סאַמע הויכגעשטעלטע און בעקאָוועדיקע לאגע... די דאָזיקע גרופּע באשליסט אלע געזעלשאפטלעכע איניאָנים, זי טיילט פאנאנדער די שפּײַז, זי פירט אָן מיט דער פּראָדוציר־טעטיקײַט, מיטן גאנצן שטייגער און מיטן גאנצן רעליגיעזן ריטואל.

אזויארום צעפאלט זיך די אווסטראלישע געזעלעכט־און עלטער־קאָמונע אף דרײַ פארשיידענע שיכטן. דעם סאמע הויכגעשטעלטן אָרט פארנעמען די „אלטע לײַט", נאָכדעם גייען די דערוואקסענע מאנסלייט — די יעגער, און צולעצט, דאָס סאמע לעצטע אָרט פארנעמען די פרויען און קינדער. די רעכט פון די פרויען און די קינדער זײַנען היפּש באגרענעצט. די פרויען און די קינדער קאָנען ניט בײַזײַן אף די פארזאמלונגען, ווו עס ווערן באשלאָסן די געזעלשאפטלעכע איניאָנים, זיי ווערן ניט דערלאָזן צו אייניקע רעליגיעזע צערעמאָניעס, זיי טרויט מען ניט אָן די סודעס פון דער האָרדע. א מאנספערזאָן ווערט הארב באשטראָפט, אויב ער זאָגט אויס די פרויען אָדער די קינדער א סאָד.

דער אריבערגאנג פון די מאנסלײַט פון דער נידעריקער עלטער־קאטעגאָריע צו דער מיטלער איז פארבונדן מיט א גאנצער ריי צערעמאָניעס, וואָס שטרײַכן אונטער די באדײַטונג פון דעם דאָזיקן אריבערגאנג און דעם אונטערשייד צווישן די עלטער־גרופּן. א יונגטלעכער דארף דורכגיין א גאנצע ריי צערעמאָניעס, קעדיי אריבערצוגיין אין א צווייטער עלטער־גרופּע. די סאמע פּײַנלעכע צערעמאָניע *איז די צערעמאָניע פון פארטרויען מיט פײַער.* די יונגטלעכע, וואָס ווערן פארטרויט מיט פײַער, דארפן זיך לייגן נאקעטערהייט אפ א ברענענדיקן שײַטער-הויפן, וואָס איז קוים צוגעדעקט מיט בלעטער. אָט די העכסטע מאדרייגע פון פארטרויען איז אן עכטע פּײַניקונג. אין מעשעך פון גאנצן פעדיאָד פון פּײַניקונג הערן אויס די יונגטלעכע פון די אלטע לײַט לעבנס-קלאָלים און טראדיציעס, זיי ווערן דערצויגן אין גײַסט פון געהאָרכזאמקײַט צו די אלטע לײַט. און די אלטע לײַט — די דערגרייכן זייערס געווינלעך. נאָך דער פארטרויונג, ווען זיי ווערן שוין דערוואקסענע יעגער, פירן די יונגע מאנסלײַט נאָך אלץ אויס די אָנווײַזונגען פון די אלטע לײַט, זיי פאָלגן אלע זייערע פאָדערונגען.

האגאם די אווסטראלישע האָרדע צעטיילט זיך דײַטלעך אפ דרײַ פארשיידענע שיכטן, און די דאָזיקע שיכטן פארנעמען א פארשיידענע לאגע אין געזעלשאפטלעכן לעבן, איז אָבער קיין שום עקספּלואטאציע דאָ ניטאָ. יעדער ארבעטפייִקער מיטגליד פון דער אווסטראלישער האָרדע ארבעט, די פּראָדוציר-מיטלען בילדן דאָס אייגנטום פון דער געזעלשאפט.

די שפּײַז־מיטלען ווערן ביכלאל פאנאנדערגעטיילט גלײַך. די גרייס פון דעם כיילעק, וואָס יעדער באקומט בא דער פאנאנדערטיילונג, וואקלט זיך. דאָס הענגט אָפּ פון דעם, וואָס פאר אן אָנטייל דער געגעבענער מיטגליד פון דער גרופּע האָט גענומען אינעם אײַנשאפן די שפּײַז. אפ די רו-ערטער צעטיילן די אלטע לײַט די שפּײַז. די סאמע אײַנפלוסרײַכע מיטגלידער פון דער גרופּע, די געראָטענע יעגער האָבן דאָס רעכט צו באקומען פּראָדוקטן אין דער ערשטער ריי און עטוואָס מער. אָבער דערמיט ווערן קלאל ניט געבראָכן די פּרינציפּן פון דער קאָמוניסטישער אײַנאָרדענונג פון דער אווסטראלישער האָרדע. באקומענדיק א גרעסערן סכום פּראָדוקטן, געברויכט זיי דער יעגער קיינמאָל ניט אליין. נאָך די גילטיקע קלאָלים מוז ער איבערגעבן א

טייל פונ זײַנ כיילעק די קרוויוים, ביפראט זײַנע עלטערנ אונ די עלטערנ פונ זײַנ פרוי.

די קלאַנים פונ פאנאנדערטיילנ די שפּײַז זײַנענ גאנצ קאָמפּליצירט אונ פארשיידנארטיק. עס זײַנענ פאראנ פארשיידענע קלאַנים, לויט די פארשיידענע אומשטאנדנ פונ דער פאנאנדערטיילונג. אמאָל ברענגענ אלע מיטגלידער פונ דער גרופּע נאָכנ ארבעטסטאָג זייער געווינס, זיי לייגנ דאָס צונויפ צוזאמענ, אונ די אלטע לײַט צעטיילנ אלצ צוגלײַכ. אמאָל טיילנ די יעגער א טייל רויב גלײַכ אפנ אָרט. דער, וואָס האָט געהארגעט די חיה, באקומט דערבײַ א גרעסערנ טייל. נאָכדעם ג״ם ער זײַנע כאווײרים זייער כיילעק נאָכ געוויסע קלאַנים. דער ניט פאנאנדערגעטיילטער כיילעק רויב ווערט אריבערגעטראָגנ אפנ רו־אָרט צו פאנאנדערטיילנ אים ווײַטער.

בא אזוינע קאָמוניסטישע קלאָנים פונ פאנאנדערטיילנ די שפּײַז זײַנענ אלע מיטגלידער פונ דער גרופּע אינ גרונט באוואָרנט. די ארבעטס־פייִקע מיטגלידער פונ דער גרופּע, וואָס ווײַכנ אויס די ארבעט, באקומענ ניט קיינ שפּײַז. צו זיי ווערנ אָנגעווענדט די סאמע אנטשיידענע אופווירקונג־מיטלענ. אויב עמעצער פונ די געזונטע מאנסלײַט גייט ניט אפ יאגד, ווײַל ער פוילט זיכ, אונ בלײַבט אפנ רו־אָרט, מאכנ די אנדערע פונ אים כויזעק. בא די אווסטראליער איז פאראנ א קלאל, וואָס איז אָבליגאטאָריש פאר אלעמענ אָנ אויסנאם: אלע ארבעטספייִקע מיטגלידער פונ דער גרופּע דארפנ זאָרגנ וועגנ געפינענ שפּײַז. אונ אלע מיטגלידער פונ דער גרופּע, באזונדערס די אלטע לײַט, גיבנ שטרענג אכטונג, אז דער דאָזיקער קלאל זאָל אומבאדינגט אויסגעפירט ווערנ.

די אײַנטיילונג פונ דער ארבעט קומט פאָר בא די אווסטראליער ניט נאָר אינעווייניק אינ דער האָרדע, נאָר אויכ צווישנ די שכיינעסדיקע האָרדעס. לויט די אָרטיקע באדינגונגענ פארנעמט זיכ איינ האָרדע מיט יאגד, אנ אנדערע מיט פישפאנג, א דריטע האָרדע ספּעציאליזירט זיכ מער אפ ארויסבאקומענ שטיינער צום אויסארבעטנ געצײַג אאוו. צווישנ די האָרדעס קומט פאָר אנ אויסטויש מיט די פּראָדוקטנ פונ זייער ארבעט. עס ווערנ אָנגעקניפּט ווירטשאפטלעכע באציִונגענ. אָט דער אויסטויש האָט געהאט א געוויסע באדײַטונג אינעם פארפעסטיקנ די פארבינדונגענ צווישנ די שכיינעסדיקע האָרדעס.

די פאָרמען פון הייראטן און די פאמיליען-פאָרמען אנטשפרעכן בא די אווסטראליער דער אָרגאניזאציע און די פאָרמען פון זייער פראָדוציר־טעטיקייט. א פרוי פארנעמט אן אונטערגעאָרדנטע לאגע אין דער פראָדוקציע, און זי איז אונטערגעוואָרפן איר מאן. זי גייט אוועק פון איר האָרדע אין דעם מאנס גרופע און ווערט זיין געהילף. אָבער א מאנספערזאָן, ווען ער קריגט פאר זיך א העלפערן, נעמט ער אף זיך געוויסע היסכייווסן בענגייע די קרויווים פון דער פרוי. ער מוז זיי געבן א געוויסן כיילעק פון זיין רויב.

בא די אווסטראליער איז פארבאָטן צו הייראטן אין דער געגע־בענער האָרדע. א מיידל קאָן נעמען א באָכער נאָר פון אן אנדער האָרדע, א מאנספערזאָן דארף זיך נעמען א פרוי נאָר פון דער שכייִנישער גרופע. די יונגטלעכע, וואָס זיינען ניט דורכגעגאנגען די צערעמאָניע פון פארטרויונג, טאָרן ניט הייראטן. אָט די קלאָלים פון הייראטן ווערן שטרענג אָפגעהיט.

די אווסטראלישע פאמיליע איז ניט די סאמע פרימיטיווע פאמיליע-פאָרם. ביז איר זיינען, ווייזט אויס, געווען מער פרייע געשלעכטלעכע באציונגען, באזירט אף גרופן-הייראט. רעשטן פון אזא מין הייראט עקזיסטירן נאָך בא די אווסטראליער.

קיין אויסשליסלעכע פאָר־הייראט איז בא די אווסטראליער נאָך ניטאָ, כאָטש דאָס צוזאמענלעבן פון די מענער און די פרויען איז דויערהאפט. די פאָר־הייראט ווערט דערגאנצט מיט א גרופן־הייראט, די פאָר־הייראט איז בא די אווסטראליער ניט פעסט, ווייל די פאָר־פאמיליע איז נאָך ניט געוואָרן דאָס גרונט־קעמערל פון ווירטשאפטלעכער טעטיקייט. די מיטערבעט פון דעם מאן און דער פרוי אין דער פראָדוציר-טעטיקייט שפילט אפילע א היפשע ראָליע, אָבער דאָך איז זי אונטערגעוואָרפן דער ווירטשאפטלעכער טעטיקייט פון דער גאנצער געשלעכט-און עלטער-קאָמונע. אף וויפל דער מאן און די פרוי האָבן ניט קיין אייגענע אָפגעזונדערטע ווירטשאפט, אף אזויפיל זיינען זיי ניט צוגעבונדן פעסט, ניט צוגעשמידט איינער צום אנדערן. דערמיט לאָזט זיך דערקלערן א געוויסע פרייהייט אין די געשלעכטלעכע באציונגען, וואָס געפינט איר אויסדרוק אין די רעשטן פון דער גרופן־הייראט.

**די גרופן־הייראט איז אמאָל, ווייזט אויס, געווען די גרונט־פאָרם פון הייראט. אין דער עפּאָכע**

פון דער „אוראלטער סטאדע" זײַנען קײן פעסטע הײראַט־פאַרבינדונגען נאָך ניט געווען.

די גרופּע קרויזוים הײסן בײַ די אויסטראַליער טאָטעם־גרופּן. זײ הײסן אזוי, ווײַל אַלע מיטגלידער פון דער גרופּע האַלטן, אַז זײ שטאַמען פון אײן אַלגעמײנעם פאָרגײער — פון אײן טאָטעם. פאַר אַט דעם פאָרגײער האַלט מען געוויינלעך א וואַסער־עס־איז בעלע־כײַ אָדער א געוויקס. מיטן נאָמען פונעם טאָטעם, דה. פונעם בא־לעכײַ צי פונעם געוויקס, רופט זיך אויך אָן די גרופּע. צום בײַ־שפּיל אין אויסטראַליע האָבן מיר טאָטעם־גרופּן, וואָס רופן זיך אָן עקדעש, קענגורו, לעלקע אאוו. דער געגעבענער מין באַלעכײַים רעכנט זיך פאַר הײליק פאַר דער גאַנצער טאָטעם־גרופּע. מע טאָר אים ניט הארגענען אָדער עסן. עמעס, אין געוויסע פאַלן, בײַ געוויסע צערע־מאָניעס, ווערט דערלויבט אופּצועסן א שטיקעלע פלײש פון דעם הײ־ליקן באַלעכײַ, אָבער דאָס הײסט שוין עסן דאָס פלײש פונעם געט־לעכן באַשיצער, אַלס א ריטואַל. די אויסטראַליער גלײבן, אַז די גײַסטער פון זײערע באַלעכײַמאַרטיקע פאָרגײער לעבן, און דעריבער גיבן זײ אָפּ א גרויסן קאָוועד די דאָזיקע גײַסטער. די אויסטראַליער גלײבן, אַז מע קאָן ווירקן אויף די גײַסטער, זײ זאָלן העלפן די מענטשן אין זײער ווירטשאַפטלעכער טעטיקײַט. און די אויסטראַליער ווענדן זיך טאַקע צו די גײַסטער מיט א באַקאָשע, זײ זאָלן העלפן פאַרמערן די באַלעכײַים. די גײַסטער קאָנען אויך קלוימערשט באַזעצן זיך אין א פרוי, און אַזויאַרום ווערט זי שוואַנגער. אויב א פרוי וויל ניט שוואַנגער ווערן, דאַרף זי אויסמײַדן די ערטער, ווו עס געפינען זיך אײַנע די קינדער־גײַסטער, אָדער זי דאַרף זײ אָפּנאַרן — פאַרשטעלן זיך פאַר אַן אַלטע פרוי אָדער פאַר א מײדל. די אויסטראַליער מײנען, אַז די גײַסטער קאָנען אויך אַרײַנגײן אין א שטײן, אין א בוים און אזוי ווײַטער. די אויסטראַליער האָבן א מאַסע הײליקע טשורינגעס (דה. שטעקעלעך אָדער שטײנער), ווו עס געפינען זיך קלוימערשט אײַנע די גײַסטער פון די באַלעכײַעמאַרטיקע פאָרגײער. אַט די טשו־רינגעס לײגט מען צונויף אין ספּעציעלע רעזערוווּאַרן און מע היט זײ שטרענג אָפּ פון פרויען און פון דער ניט־פאַרטרויטער יוגנט.

די אַלע פאָרשטעלונגען פון די אויסטראַליער קאָן מען פאַרשטײן נאָר אין צוזאַמענהאַנג מיט די פאָרמען פון זײער פּראָדוציר־טעטיקײַט און פון זײער געזעלשאַפטלעכן לעבן. דאָס פאַרגעטערן די באַלעכײַים,

דאָס גלייבנ אינ גײַסטער, דאָס גלייבנ, אז דער פֿאָרגייער פֿונ דער אָדער יענער גרופּע איז דער אָדער יענער באַלעכײַ, — דאָס אַלצ לאָזט זיכ דערקלערנ נאָר מיט דער ראָליע אונ מיט דער באַדײַטונג, וואָס די לעבעדיקע באַלעכײַמ אונ די לעבעדיקע פֿאָרגייער, דה. די אַלטע לײַט האָבנ אינ זייער לעבנ. די רעאַלע מאַכט פֿונ די אַלטע לײַט איבער דער גאַנצער טאָטעמ־גרופּע, דאָס, וואָס די יעגער-גרופּע הענגט אָפּ רעאַל פֿונ דער באַלעכײַמ-וועלט, — דאָס האָט אַרויסגערופֿנ דעמ גלויבנ אינ דער מאַכט פֿונ די גײַסטער פֿונ די באַלעכײַמאַר-טיקע פֿאָרגייער.

באַטראַכטנדיק אַלע זײַטנ פֿונעמ שטייגער פֿונ די אַוסטראַליער, זעענ מיר אומעטומ, אַז די געזעלשאַפֿטלעכע אײַנאָרדענונג אונ די וועלט־אָנשויונג פֿונ די דאָזיקע לעבעדיקע פֿאָרשטייער פֿונ דער מי־טעלער שטיינ־צײַט ווערנ באַשטימט פֿונעמ פּראָדוציר־אופֿנ, פֿונ די פֿאָרמענ ‹ונ זייער אַרבעט-טעטיקײַט. דער פּראָצעס פֿונ דער געזעל־שאַפֿטלעכער אַרבעט. דער פּראָצעס פֿונ דער געזעלשאַפֿטלעכער פּראָ-דוקציע האָט מיטגעהאָלפֿנ צו פֿאַרוואַנדלענ די מענטשנאַרטיקע מאַלפּע אינ א מענטשנ. ער האָט אופֿגעהויבנ דעמ מענטשנ איבער דער באַ-לעכײַמ־וועלט אונ ער האָט אויכ באַשטימט אַלע זײַטנ פֿונ געזעל-שאַפֿטלעכנ לעבנ.

## 4. דער אוראַלטער קאָמוניזמ

דער מענטש האָט זיכ אויסגעטיילט פֿונ דער באַלעכײַמ-וועלט אַדאַנק דער געזעלשאַפֿטלעכער אַרבעט. דער אַרבעט-פּראָצעס האָט פֿאַ-רייניקט, באַהעפֿט אונדזערע אוראַלטע פֿאָרגייער, ער האָט פֿאַרפֿעס־טיקט די אוראַלטע פֿאָרמענ פֿונ דער געזעלשאַפֿטלעכקײַט. אויב די באַציִונגענ צווישנ באַלעכײַמ געפֿינענ זייער אויסדרוק נאָר אינ דעמ, וואָס זיי בילדנ א סטאַדע, וואָס זיי געפֿינענ זיכ איינע בא דער אַנ־דערער, אָבער די פּרוכט פֿונ נאַטור פּרעסנ זײַ אופֿ יעדער באַזונדער, איז אָבער דער יעסאָד פֿאַר די באַציִונגענ צווישנ די אוראַלטע מענטשנ געווענ די געזעלשאַפֿטלעכע אַרבעט.

ווי די הײַנטצײַטיקע אויס: ראַליער לעבנ אינ ענג־באַהעפֿטע גרופּנ, אַזוי האָבנ אויכ די אוראַלטע מענטשנ געלעבט ניט איינציקווײַז. נאָר

פאריינ'קנדיק זײַנע קויכעס מיט די קױכעס פון די איבעריקע מענטשן, נאָר אינ פראָצעס פון דער געזעלשאפטלעכער ארבעט האָט דער מענטש געקאָנט קעמפן קעגן די סטיכיייִשע נאטור-קרעפטן.

דעם געזעלשאפטלעכן, קאָלעקטיוון כאראקטער פון דעם אוראַלטן מענטשנס ארבעט-פראָצעס האָט אנטשפרעכט די קאָמוניסטישע פאנאנ־



10. יאגד אפ כײַעס מיט דער הילף פון א פאסטקע

דערטײלונג פון דער ארויסבאקומענער שפײַז. דער אוראַלטער מענטש האָט ניט געהאט קיין באגריף וועגן פריוואט-אייגנטום. די טעריטאָ־ריע, ווו די מענטשן פלעגן גיין אפ יאגד אָדער ווו זיי פלעגן אופקלײַבן שפײַז, האָט ניט געהערט צו א וועלכער עס איז איין פערזאָן. ביז־וואנען די גרופע מענטשן האָט געוווינט אפ דער געגעבענער טערי־טאָריע, איז די דאָזיקע טעריטאָריע געווען דאָס אייגנטום פון דער גאנצער גרופע. ערשט דעמלט, ווען אינ געגעבענעם אָרט פלעגן אויס־גיין די שפײַז-זאפאסן און די גרופע פלעגט אריבערגיין אפ אנ אנדער אָרט, פלעגט זי אָנווערן אלע רעכט אפ דער טעריטאָריע, וואָס זי האָט פריִער פארנומען.

די פרינציפּן פון אורזאַלטן קאָמוניזם ווידערשפּרעכט קלאָל ניט דער פאַקט, וואָס דאָס ארבעט־געצייַג און געווער איז געווען דאָס פער־זענלעכע אייגנס פון דעם אורזאַלטן מענטשן. דאָס קאָן מען פולקום דערקלערן. א שטעקן, א מעסער, א שווערד קאָנען עטלעכע מענטשן מיטאמאָל ניט געברויכן. און אזויווי דער אורזאַלטער מענטש פלעגט אַליין אויסארבעטן פאר זיך געצייַג, פלעגט אין מעשעך פון א לענגע־רער צייַט צוגעווינען זיך צו דעם, פלעגט דאָס באהערשן אינגאנצן, איז נאַטירלעך, אז ער האָט זיך שוין באנוצט מיט דעם זעלבן גע־צייַג — אזויארום, אויב א גרופּע מענטשן, דער קאָלעקטיוו האָט אין דער אורזאַלטער קאָמוניסטישער געזעלשאפט זיך ניט באנוצט מיט איין געצייַג, נעמט זיך דאָס פון דעם כאראקטער פונעם געצייַג גופא.

פון דעם קאָן מען ניט מאכן דעם אויספיר, אז געצייַג איז גע־ווען פּריוואַט-אייגנטום פונעם אורזאַלטן מענטשן. וועגן פּריוואַט-אייגנ־טום אף געווער און ארבעט־געצייַג האָט אין דער אורזאַלטער קאָמו־ניסטישער געזעלשאפט ניט געקאָנט זייַן קיין רייד. דאָס געצייַג האָט געהערט דעם מענטשן, אזוי לאַנג ווי ער האָט זיך מיט אים באנוצט און ווייַל ער האָט זיך מיט אים באנוצט. שאפן זיך מיט געצייַג ווי מיט אייגנטום האָבן די אַווסטראַליער ניט געקאָנט. צום בייַשפּיל די אַווסטראַליער, ווי אנדערע הייַנטצייַטיקע ווילדע שוואַטים, קאָנען ניט לאָזן אין יערושע זייער געצייַג. ווען עס שטארבט דער אייגנטימער, ווערט דאָס געצייַג דאָס אייגנס פון דער גאנצער גרופּע, גייט אריבער אין איר פולקומען רעשוס. א טייל פאַר־נעם געצייַג לייגט מען געווײנלעך צוזאמען מיטן פארשטאָרבענעם, און דער איבעריקער טייל ווערט פאנאנדערגעטיילט צווישן די קרוי־ווים. קיין יערושע־רעכט איז ניטאָ.

אזויווי עס איז ניטאָ אין די אורזאַלטע געזעלשאפטן קיין פּרי־וואַט-אייגנטום אף דער טעריטאָריע און אף דעם ארבעט-געצייַג, אזוי איז דאָרטן אויך ניטאָ קיין פּריוואַט־אייגנטום באַם פאנאנדערטיילן די שפּייַז.

אלע פּראָדוקטן, וואָס זייַנען באקומען געוואָרן אף דער אלגע־ריטאָריע, גייען איבער צו דער גאנצער גרופּע. דער, וואָס דערהארגעט דירעקט די כייַע, באקומט אָפט באַם פאנאנדערטיילן א גרעסערן טייל, א־ידער אנדערע. אָבער די דאָזיקע גרעסערע רעכט זייַנען ווערן אויסגעגלייַכט דערמיט, וואָס ניט אלעמאָל איז גראָד ער

דער גליקלעכער אין יאגד. אן אנדער מאָל באקומט ער א קלענערן טייל פון דער דערהארגעטער כיַע, איידער אן אנדער יעגער. דערביַי דארף מען נאָך נעמען אין אכט, אז עס זיַינען פאראן א גאנצע ריי קלאָלים, וואָס דערלויבן ניט דעם יעגער, וועלכער האָט דערהארגעט א כיַע, צו געברויכן אליין זיַין גאנצן כיילעק,— ער מוז א געוויסן טייל פון זיַין כיילעק צעטיילן צווישן זיַינע נאָענטע קרויווים. דערי־בער קאָן מען זאָגן באשטימט, אז דער קאָמוניסטישער פרינציפּ פון פאנאנדערטיילן איז דער גרונט־קלאל בא די אורא‏לטע מענטשן.

אנדערש האָט עס אויך ניט געקאָנט זיַין. דער קאָמוניסטישער פרינציפּ באַם פאנאנדערטיילן איז געווען די נייטיקע באדינגונג פאר דער עקזיסטענץ פון דער אנטוויקלונג פון דער אורא‏לטער געזעלשאפט. דער אינדיווידועלער געברויך וואָלט אין יענער צייַט געהאט קאטא־סטראָפישע רעזולטאטן. הייַנט האָט דער ווילדער מענטש געקאָנט דער־הארגענען א כיַע אָדער געפינען א סאך געוויקסן־שפּייַז, און נאָכ־דעם האָט ער געקאָנט עטלעכע טעג נאָך דער ריי אומקערן זיך מיט ליידיקע הענט. אזויארום וואָלט נאָך א טאָג — צוויי פון גוט עסן אָנ־געקומען א לאנגע הונגער־צייַט. ווען די פארטיילונג איז פארגעזעל־שאפטלעכט, באקומט דער מענטש א באשטימטן טייל פון געזעלשאפט־לעכן פּראָדוקט אפילע ווען זיַין יאגד גיט זיך אים ניט איַין.

די אורא‏לטע קאָמוניסטישע געזעלשאפט איז געווען א מעכטיקער הייבער פון דער געזעלשאפטלעכער אנטוויקלונג. אין דער אורא‏לטער קאָמוניסטישער געזעלשאפט פלעגן זיך אָנזאמלען און פלעגן פארפעס־טיקט ווערן די גרעסטע דערגרייכונגען, וואָס זיַינען נייטיק פאר דער ווייַטערדיקער אנטוויקלונג. אין דעם דאָזיקן פעריאָד האָט דער מענטש זיך אויסגעלערנט ארויסבאקומען און געברויכן פייַער, ער האָט זיך באוואָפנט מיט א האק, מיט א מעסער, מיט א שווערד און מיט א ריי אנדער געצייַג, ער האָט דערפונדן דעם פייל אין בויגן, ער האָט אויסגעדרעסירט כייַעס און קולטיווירט געוויקסן. אין דעם זעלבן פע־ריאָד האָט זיך דער מענטש אליין אנטוויקלט מיט קאָלאָסאלן דער־פאָלג, ער האָט אנטוויקלט און פארפולקומט זיַינע פיזישע און גייַס־טיקע פייִקייַטן. אין פארגלייַך מיט די דערגרייַכונגען פון דער הייַנט־צייַטיקער טעכניק קאָנען די אלע דערפאָלגן פונעם אורא‏לטן מענטשן אויסזען נישטיק, אָבער אָן זיי וואָלט די הייַנטצייַטיקע טעכניק געווען אומעגלעך.

די אוראלטע קאָמוניסטישע אָרדענונג נעמט ארום, לויט דער צײַט, ניט בלויז די עפּאָכע פון דער אוראַלטער געשלעכט־און עלטער־קאָמונע, — די עפּאָכע, וואָס די היינטצייטיקע אוסטראליער זײַנען נאָך ניט ארויסגעגאנגען פון אירע ראמען. די ווײַטערדיקע שטופע פון דער געזעלשאפטלעכער אנטוויקלונג, וואָס פאלט צונויף מיט דער נײַער שטיין־צײַט, ווערט כאראקטעריזירט מיט א נײַער פאָרם פון געזעל־שאפטלעכער אָרגאניזאציע — מיט דער שטאם־אָרדענונג. די דאָזיקע נײַע געזעלשאפטלעכע אָרדענונג באזירט נאָך אינגאנצן אף די פּרינ־ציפּן פונעם אוראלטן קאָמוניזם. די אוראַלטע געשלעכט-און עלטער־קאָמונע און די שטאם־אָרדענונג זײַנען ניט מער ווי צוויי פאזעס אין דער אנטוויקלונג פון דער אוראלטער קאָמוניסטישער געזעלשאפט, וואָס גייען איינע נאָך דער אנדערער.

די וויכטיקסטע געזעלשאפטלעכע אָרגאניזאציע און דאָס ווירט־שאפטלעכע גרונט־קעמערל איז אין דעם דאָזיקן נײַעם פעריאָד דער **שטאם**. לויט זײַן באשטאנד באגרענעצט זיך דער שטאם מיט א געוויסן קרײַז מענטשן, — בלוט־קרויווים. ער באשטייט פון די מענטשן, וואָס שטאמען פון איין פאָרגייערן אָדער פון איין פאָרגייער. אזוי־ארום איז דער באשטאנד פונעם געזעלשאפטלעכן גרונט־קעמערל גע־בליבן קליין אין צאָל, און די שטאם־אָרדענונג האָט אין פלוג ניט ארײַנגעטראָגן קיין גרויסע ענדערונגען אין געזעלשאפטלעכן לעבן. אָבער אין דער ווירקלעכקײַט האָט די אנטשטייונג פון דער שטאם־אָרדענונג באטײַט א גאנצע איבערקערעניש אין אלע פאָרמען פון געזעלשאפטלעכן לעבן-שטייגער, און די דאָזיקע איבערקערעניש ווי־דער האָט געשטאמט פון די גרעסטע ענדערונגען אין דער פראָדו־ציר־ווירטשאפטלעכער טעטיקײַט פון די אוראלטע פעלקער.

צום מאָמענט, ווען עס איז אנטשטאנען די שטאם-אָרדענונג, דער־גייט די טעכניק פון אויסארבעטן שטיין־געצײַג ביז א געוויסער הייך. עס קומט אוף די טעפּער־פּראָדוקציע, וואָס באקומט א קאָלאָסאלע באַ־דײַטונג פארן פירן די גאנצע ווירטשאפט. די הויפּט־דערגרייכונגען פון דער פּראָדוציר-טעטיקײַט, וואָס האָבן מעגלעך געמאכט די שטאם־אָרדענונג, איז געווען דאָס אויסדרעסירן בהמות און דאָס קולטיווירן געוויקסן, ווען עס איז אנטשטאנען די פיצוכט און די ערדארבעט. האָבן זיך אין די מענטשנס הענט אָנגעזאמלט קאָלאָסאלע רײַכטימער פאר יענער צ_ט, — טאבונעס פערד, סטאדעס כאזיירים, שעפּסן, קי,

עס האָט זיך אָנגעזאמלט א געוויסער זאפאס ברויט, „אלע פריער-דיקע אויפאנים פון ארויסבאקומען שפּייז, — זאָגט ענגעלס, — זיינען איצט אָפּגעטראָטן אפן הינטערשטן פּלאן; די יאגד, וואָס איז פריער געווען א נויטווענדיקייט, איז איצט געוואָרן א לוקסוס". וועגן אופ-קלייבן שפּייז אלס א קוואל פון לעבנסמיטלען האָט גאָר קיין רייד



11. ערדארבעט מיט א מאָטיקע

ניט געקאָנט זיין. דאָס ארויסבאקומען שפּייז האָט אָנגענומען א פאָרם פון א קאָמפּליצירטער, רעגולירער פּראָדוציר-טעטיקייט, וואָס באוואָרנט די מענטשן מיט פּראָדוקטן אפ א לענגערער צייט פאָרויס.

מיט דער אנטוויקלונג פון דער ערדארבעט ווערט אלץ מער און מער בעקאָוועדיק די לאגע פון דער פרוי. און דאָס איז גאנץ פאר-שטענדלעך. מיר ווייסן שוין, אז דאָס אָרט און די באדייטונג פון די מענטשן אין געזעלשאפטלעכן לעבן באשטימט זייער לאגע אין דער פּראָדוקציע. ווען יאגד איז געווען דער הויפּט-קוואל פאר דער עקזיסטענץ, און דאָס זאמלען שפּייז איז געווען א צווייטראנגיקע אר-

בעט, דעמלט האָט דער מאַנספּערזאָנ — דער יעגער פאַרנומענ, נאַטיר־לעכ, די הערשנדיקע לאַגע אינ דער געזעלשאַפטלעכער גרופּע. די פרוי — די זאַמלערנ, איז אָפּגעשטויסנ געוואָרנ אינ הינטערגרונט, איר לאַגע איז געווענ אַנ אונטערגעאָרדנטע. מיט דער אַנטוויקלונג פונ דער ערדאַרבעט האָט זיכ דאָס בילד אינגאַנצנ געביטנ. די מענער פאַרנעמענ זיכ ווײַטער מיט יאַגד, אָבער די פרויענ גייענ אַלץ מער אונ מער אַריבער פונ פּאָשעטנ זאַמלענ געוויקסנ צומ רעגולירנ קול־טיווירנ זיי. אַזוי־אַרום איז די דאָזיקע פּערספּעקטיוופולע באַשעפטי־קונג פונ אָנהייב אָנ אַרײַנגעפאַלנ אינ די הענט פונ די פרויענ. וואָס גרעסער עס איז די ראָליע, וואָס די ערדאַרבעט הויבט אָנ שפּילנ אינעמ לעבנ פונ די מענטשנ, אַלץ מער אונ מער ווערט פּאַרפּעסטיקט די לאַגע פונ די פרויענ. פונ דעמ מאָמענט אָנ, ווענ די ערדאַרבעט איז געוואָרנ דער הויפּט־קוואַל פאַר דער עקזיסטענצ פונ די מענטשנ, האָבנ די פרויענ פאַרנומענ דאָס ערשטע אָרט, די הערשנדיקע לאַגע אינ דער געזעל־שאַפט. דאָס האָט זיכ אויכ ניט געענדערט נאָכדעמ, ווי די מאַנסלײַט זײַנענ אינגיכנ אַליינ אַריבער צו ערדאַרבעט אונ האָבנ פאַרוואָרפנ די יאַגד, ווײַל זי איז געוואָרנ ווייניק פּראָדוקטיוו. די לאַגע פונ די מאַנסלײַט אינ געזעלשאַפטלעכנ לעבנ איז געבליבנ אַנ אונטערגעאָר־דנטע אַזוי לאַנג, ביזוואַנענ די ערדאַרבעט אונ די פיצוכט זײַנענ געוואָרנ די גרונט־באַשעפטיקונג פונ די מענער. אָבער דאָס איז פאָר־געקומענ אינ מעשעכ פונ א לאַנגדויערנדיקנ פּעריאָד.

די געשיכטע פונ די קעגנזײַטיקע באַציִונגענ צווישנ די פרויענ אונ מענער אינ דער אוראַלטער געזעלשאַפט באַשטעטיקט באַשײַמ־פּערלעכ די ריכטיקײַט פונ דער מאַרקסיסטיש-לענינשער שטעלונג פונ דער פראַגע וועגנ דער גלײַכבאַרעכטיקונג פונ די פרויענ, וועגנ דער פאַרניכטונג פונ דער אונטערגעאָרדנטער, דערנידעריקטער לאַגע פונ די פרויענ אינ דער פאַמיליע אונ אינ דער געזעלשאַפט. די בורזשוו־אַזע רעפאָרמאַטאָרנ פלעגנ אויכ אַרויסרוקנ די פראַגע וועגנ דער גלײַכ־באַרעכטיקונג פונ די פרויענ. אָבער אַלע זייערע פאָדערונגענ פלעגנ באַשטיינ אינ געבנ די פרויענ רעכט אָפ בילדונג, רעכט צו באַטיי־ליקנ זיכ אינעמ פּאָליטישנ לעבנ אאַוו. ס'איז קלאָר, אַז מיט די אַלע רעכט וואָלט זיכ באַנוצט א הײַפעלע בורזשואַזע פרויענ, אונ די אי־בערוועגנדיקע מאַסע פרויענ וואָלט געבליבנ באַ דער זעלבער לאַגע ווי פריִער. דער מאַרקסיזמ־לענינִיזמ לערנט אונדז, אַז נאָר די צע-

שטערונג פון דער בורזשואזער אָרדענונג און דאָס אופבויען דעם סאָ-
ציאַליזם וועט אראָפּנעמען פון דער פרוי די לאסט פון דער שטוב־
ארבעט, וועט זי שטעלן בא דער פּראָדוקטיווער ארבעט און וועט דערמיט
גופע העכערן איר געזעלשאפטלעכע לאגע. „די באפרייונג פון דער
פרוי, זאָגט ענגעלס, — מוז האָבן די ערשטע פאָרבאדינגונג, אז דער
גאנצער פרויען-געשלעכט קערט זיך אום צו דער געזעלשאפטלעכער
ארבעט, און דאָס ווידער פאָדערט, אז די אינדיווידועלע פאמיליע
זאָל אופהערן זיין א ווירטשאפטלעכער איינס פון דער געזעלשאפט".
דאָס אריינפירן די פרויען אין דער פּראָדוקציע, דאָס באפרייען זיי
פון די שטוב־פּענטעס ווערט מעגלעך בא דער דערפאָלגרייכער פאנאנ-
דערוויקלונג פון דער סאָציאַליסטישער בויונג. ווען די פּראָדוציר־מיט־
לען ווערן געזעלשאפטלעך אייגנטום, ווען אלע פּראָדוציר־פּראָצעסן
ווערן פארגעזעלשאפטלעכט, הערט אוף די פאמיליע צו זיין דאָס עקאָ-
נאָמישע גרונט־קעמערל פון דער געזעלשאפט. די שטוב-ארבעט ווערט
אלץ מער אָפּגעטאָן אויסער דער היים, זי ווערט א באזונדער צווייג
פון דער געזעלשאפטלעכער פּראָדוקציע (וועשערייען, גאָרקיכן אאוו.).
די קינדער־דערציִונג באקומט אויך א געזעלשאפטלעכן כאראקטער.
דאָס אלץ העלפט מיט דער רעאלער באפרייונג פון די פרויען, דאָס
העלפט מיט, אז די פרוי זאָל פארנעמען א הויך, בעקאָוועדיק אָרט
אין דער געזעלשאפטלעכער פּראָדוקציע און באגלייך מיט דעם אויך
אין גאנצן געזעלשאפטלעכן לעבן און אין פאמיליען-לעבן.

דעם אויסגאנג־פּונקט פאר דער אנטוויקלונג פונעם שטאם האָבן
געבילדעט די געזעלשאפטלעכע פארייניקונגען, אזוינע ווי די אווסט-
ראלישע האָרדע, און די אוראַלטע פאָרמען פון דער גרופּן-הייראט. בא
גרופּן-הייראט ווייסט מען קיינמאָל ניט זיכער ווער עס איז דעם קינדס
פאָטער. ווייסן ווייסט מען נאָר די מוטער. די אָפּשטאמונג נאָך דער
מענלעכער ליניע קאָן ניט פעסטגעשטעלט ווערן, דעריבער ווערט די
אָפּשטאמונג גערעכנט נאָך דער פרויען־ליניע. ווען די באדינגונגען
ענדערן זיך, דה. ווען עס ווערט איינגעפירט ערדארבעט און פי-
צוכט, באקומט דער דאָזיקער אומשטאנד א קאָלאָסאלע באדייטונג. די
לאגע פון דער פרוי איז טאָפּלט פארפעסטיקט געוואָרן: זי איז גע־
וואָרן די הויפּט־פערזאָן אין דער פּראָדוקציע, און זי איז אויך גע-
וואָרן דער צאד, וואָס פון אים פירן די נאָכקומער זייער אָפּשטאמונג.
פונדאנען קאָן מען גוט פארשטיין אזוינע דערשיינונגען באם בא־

טראַכטן דעם שטאַם, ווי דער אומשטאַנד, וואָס בעראָש פונעם שטאַם שטייט א פאָרגייערן — א פרוי, אז דער שטאַם ווערט געבויט אונ די קרויוועשאַפט ווערט באַשטימט לויט דער פרויענ-ליניע.

קעדיי צו באַטראַכטן דעם באַשטאַנד פונעם שטאַם אונ זײַן געבוי, וועלן מיר נעמען אַלס א קאָנקרעטן מוסטער א שטאַם פונ די אַמעריקאַנער איראָקעזן. מיר האָבן שוינ געזאָגט, אז א שטאַם באַשטייט פונ מענטשן, וואָס זײַנען די נאָכקומער פונ איינ פאָרגייערן אָדער פונ איינ פאָרגייער. דער ערשטער שטאַם איז, ווי מיר זעען, געוועזן דער שטאַם, וואָס פירט זײַנ ייִכעס פונ דער פאָרגייערן. א שטאַם מיט א מענערשער ליניע איז א שפּעטערע דערשײַנונג. דעריבער באַטראַכטן מיר דעם שטאַם מיט א סיסטעם פונ קרויוועשאַפט נאָכ דער פרויענ-ליניע.

ווענ מיר זאָלן נעמען א גרופּע לײַבלעכע שוועסטער אונ שוועסטערקינדער צוזאַמען מיט זייערע קינדער אונ לײַבלעכע אונ ניט־לײַבלעכע ברידער פונ דער מוטערס צאַד, וועלן מיר האָבן די פּערזאָנען, פונ וועלכע עס איז שפּעטער אַרום געבילדעט געוואָרן דער שטאַם אינ זײַנ לאַכעטכילעדיקער פאָרם. אָט די אַלע פּערזאָנען זײַנען בלוט-קרויווים נאָכ דער פרויענ־ליניע, זיי האָבן אַלע איינ געמיינזאַמע פאָרגייערן אונ זיי רעכענען זיכ צווישן זיכ אַלס שוועסטער אונ ברידער.

אָבער די מענער פונ די דאָזיקע פרויען זײַנען ניט קיינ מיטגלידער פונעם געגעבענעם שטאַם. ווענ די פרויען הייראַטן מיט א מאַנס־פּערזאָן פונ אַנ אַנדער שטאַם, ווערן זייערע קינדער גערעכנט פאַר מיטגלידער פונ זייער שטאַם. די קינדער קאָנען ניט זײַנ קיינ מיט־גלידער פונ דעם מאַנספּערזאָנס שטאַם, ווײַל א מאַנספּערזאָן קאָן ניט הייראַטן מיט א פרויענצימער פונ זײַנ אייגענעם שטאַם, ווײַל זיי זײַנען אַלע זײַנע לײַבלעכע שוועסטער, קוזינעס אָדער גליד־שוועסטערקינדער — קרויווים. אַזויאַרום בלײַבן אינעם שטאַם גופע נאָר די, וואָס קומען אַרויס פונ די פרויען פונ דעם דאָזיקן שטאַם.

נאָכ זײַנ אײַנאָרדענונג איז דער שטאַם א גאַנצ פּאָשעטע אָר־גאַניזאַציע. די אויבערשטע מאַכט אינעם שטאַם געהערט דעם שטאַם־ראַט, ער שטעלט פאָר מיט זיכ די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פונ אַלע דערוואַקסענע מיטגלידער פונ שטאַם, — די מענער אונ די פרויען. אַלע דערוואַקסענע מיטגלידער פונ שטאַם האָבן שטים־רעכט

און קאָנען זיך באַטייליקן אין אַלע באַשלוסן פונעם שטאַט-ראַט. אין דעם דאָזיקן ראַט ווערן באַשלאָסן אַלע גרונט־פראַגן פון שטאַט-לעבן. דאָ ווערט אויסגעוויילט א קריג־פירער, דער אָנפירער פונעם שטאַם בייס א מילכאָמע; אין דעם זעלבן ראַט ווערט אויך אויסגעוויילט דער שטאַם־הויפט אין פרידנ־צייט אָדער דער סאַכעם, ווי די איראָקעזן רופן אים אָן. דער ראַט נעמט אָן אין שטאַם אָנגע-קומענע פרעמדע, ער באַשליסט די פראַגן וועגן בלוט-נעקאָמע אאַוו.

דער סאַכעם און דער קריג-פירער האָבן קיין שום פריווילעגיעס ניט. זיי זיינען ניט מער ווי פאַרטרויונג-מענער צום אויספירן באַשטימטע געזעלשאַפטלעכע פונקציעס. דיביידע שטעלעס — די שטעלע פון א סאַכעם און די שטעלע פון א קריג־פירער — זיינען געוויילטע. דער סאַכעם ווערט אויסגעוויילט אומבאַדינגט פונעם גע־געבענעם שטאַם. אַזויאַרום קאָן אַלס א סאַכעם קיינמאָל ניט אויס־געווילט ווערן דער זון פונעם אַלטן סאַכעם, ווייל דער זון געהער צו אַן אַנדער שטאַם, צום שטאַם פון זיין מוטער. דער דאָזיקער אומשטאַנד שטערט צו העכערן דעם סאַכעמס מאַכט, ער מאַכט אים נאָר פאַר א צייטווייליקן אויספירער פונעם ווילן פונעם שטאַם־ראַט. אָבער אַמאָל טרעפט זיך בא די איראָקעזן, אַז דעם סאַכעמס שטע־לע דערנענטערט זיך אין געוויסע מאָמענטן צו א שטעלע, וואָס ווערט געיאַרשנט. בא זיי קאָן מען זייער אָפט מערקן אַזוינע דער־שיינונגען: אַלס א נייער סאַכעם ווערט אויסגעוויילט דעם אַלטן סאַכעמס א נאָענטער קאָרעוו — זיינער א ברודער אָדער זיינער א פלעמעניק, דער זון פון זיין שוועסטער. די וואַלן אַלזאָ פאַרפעס-טיקן דאָ נאָר דעם איינגעשטעלטן מינהעג, אַז דעם סאַכעמס שטע־לע גייט אַריבער פון איין פע־זאָן צו א צווייטער לויט א באַ־שטימטן סימען פון קרויווקשאַפט. פאַקטיש קאָן אַזויאַרום אויסגע־ווילט ווערן אַלס א סאַכעם ניט יעדער מיטגליד פון שטאַם, נאָר דער נאָענטסטער קאָרעוו פונעם אַלטן סאַכעם. פאַר א געוויסער גרופע קרויווים ווערט דעם סאַכעמס שטעלע א שטעלע, וואָס ווערט געיאַרשנט.

באַם אויסוויילן א קריג־פירער זיינען אַזוינע מינהאָגים ניטאָ. אַלס קריג-פירער קאָן אויסגעוויילט ווערן יעדער מיטגליד פון שטאַם. די שטעלע פון א סאַכעם און פון א קריג־פירער איז ניט קיין לעבנסלאַנגע שטעלע. דער שטאַם קאָן אַראָפּוואַרפן דעם סאַכעם

און דעם קריג־פירער און אויסוויילן נייע. אראָפּוואַרפן קאָן די אל־געמיינע פאַרזאַמלונג פון אַלע מיטגלידער פון שטאַם. נאָכדעם ווי זיי ווערן אראָפּגעוואָרפן, ווערט דער געוועזענער סאַכעם אָדער דער קריג־פירער א פּאַשעטער מיטגליד פון שטאַם.

די מיטגליד'ער פון שטאַם דאַרפן העלפן איינער דעם אַנדערן, שטיצן באַם פאַרטיידיקן זיך קעגן אַן אָנפאַל פון א פרעמדן שטאַם. אויב ווערכער-עס־איז מיטגליד פון שטאַם ווערט באַליידיקט, צע־מיימעסט אָדער דערהאַרגעט, דאַרף זיך דער גאַנצער שטאַם נוי־קעמען זיין אָן דעם שולדיקן. די בלוט-נעקאָמע פאַר א דערהאַרגעטן מיטגליד פון שטאַם איז די נייטיקסטע פליכט פון אַלע מיטגלידער פון שטאַם. אויב דער שטאַם פונעם מערדער פלעגט געבן גרויסן אויסקויף און אנטשולדיקן זיך, האָט זיך דער שטאַם פונעם געהאַר־געטן געקאָנט צופרידנשטעלן דערמיט, און די בלוט־נעקאָמע פלעגט אָפּגעשאַפן ווערן.

מיטגלידער פון איין און דעם זעלבן שטאַם איז פאַרבאָטן צו הייראַטן איינער מיטן אַנדערן. הייראַטן איינער מיטן אַנדערן קאָ־נען נאָר מיטגלידער פון פאַרשיידענע שטאַמען.

דאָס פאַרמעגן פון די מיטגלידער פון שטאַם טאָר ניט אַרויס־גיין אויסער די ראַמען פונעם געגעבענעם שטאַם. דער מינהעג פון יאַרשענען ווערט שטרענג קאָאָרדינירט מיט דעם דאָזיקן קלאַל. די קינדער קאָנען ניט יאַרשענען דעם פאָטער, ווייל זיי געהערן ניט צו זיין שטאַם, נאָר זיי געהערן צום שטאַם פון זייער מוטער. דער מאַן און די פרוי קאָנען אויך ניט יאַרשענען איינער דעם אַנ־דערן, ווייל זיי געהערן צו פאַרשיידענע שטאַמען. דאָס פאַרמעגן קאָן אַריבערגיין נאָר צו די קרויווים, וואָס זיינען מיטגלידער פון געגעבענעם שטאַם. ווען א מאַנספּערזאָן שטאַרבט, גייט זיין פאַר־מעגן אַריבער צו זיינע ברידער און שוועסטער. אין פאַל, ווען עס שטאַרבט א פרוי, יאַרשענען זי אירע קינדער און אירע שוועסטער.

אין שטאַם קאָנען אויך אָנגענומען ווערן זייטיקע מענטשן. דער שטאַם אַדאָפּטירט זיי, און זיי באַקומען אַלע רעכט פון מיטגלידער פון שטאַם. זייטיקע מענטשן ווערן אָנגענומען אין שטאַם בא אַן איינשטימיקן באַשלוס פון דער פאַרזאַמלונג פון גאַנצן שטאַם אָדער פון שטאַם־ראַט.

דער שטאַם האָט א באַשטימטן נאָמען אָדער א ריי נעמען,

לויטן נאָמען נאָך אונטערשיידן זיך די מיטגלידער פֿון שטאַם פֿון די מיטגלידער פֿון אַנדערע שטאַמען. דער שטאַם האָט זײַן באַזונדערן בעסוילעם, ווו מע באַגראָבט נאָר די מיטגלידער פֿון שטאַם. דער גאַנצער שטאַם פֿונעם פֿאַרשטאָרבענעם באַטייליקט זיך אינעם באַגראָבן, זאָרגט וועגן דעם קיווער אאַז״וו. די רעליגיעזע צערעמאָניעס פֿירט אויך אויס דער גאַנצער שטאַם.

דער שטאַם איז דער ווירטשאַפֿטלעכער און געזעלשאַפֿטלעכער גרונט־איינס פֿון דער שטאַם־אָרדענונג. אָבער די שטאַם־פֿאַרבינדונגען גייען אַרויס ווײַט אויסער די ראַמען פֿון שטאַם. די דאָזיקע פֿאַרבינדונגען ווערן אויך פֿאַרפֿעסטיקט דורך די ווירטשאַפֿטלעכע געזעלשאַפֿטלעכע באַציִונגען צווישן די שטאַמען. דערי‌בער איז דער שטאַם ניט קיין איזאָלירטע אָרגאַניזאַציע. עטלעכע קרוביווישע שטאַמען בילדן אַ ברודערשאַפֿט, אָדער אַ פֿראַטריע. עטלעכע פֿראַטריעס בילדן אַ שייוועס. די שוואָטים טרעטן אַרײַן אין אַ בונד. אָט דער דאָזיקער פֿאַרבאַנד פֿון די שוואָטים איז די גרעסטע פֿאַרייניקונג פֿון דער שטאַם־אָרדענונג.

די שטאַם־אָרדענונג איז די העכסטע שטופֿע פֿונעם אוראַלטן קאָמוניזם. די אינערלעכע אײַנאָרדענונג פֿון שטאַם, די גאַנצע אָרדענונג פֿון זײַן לעבן באַזירן אויף קאָמוניסטישע פּרינציפּן. אַלע מיטגלידער פֿון שטאַם האָבן גלײַכע רעכט, און זיי האָבן אויך גלײַכע רעכט אויפֿן פֿאַרמעגן פֿון שטאַם. ווי מיר האָבן געזען בײַ די איראָקעזן, האָט דער קריג־אָנפֿירער און דער ציווילער אָנפֿירער פֿון שטאַם קיין שום פּריווילעגיעס ניט. די פּאָשעטע מיטגלידער פֿון שטאַם זײַנען זיי ניט אונטערגעוואָרפֿן. אַלע שטרײַטן באַשליסן די מיטגלידער פֿון שטאַם גופֿא. אויב עס אַנטשטייען צוזאַמענשטויסן צווישן די שטאַמען, באַשליסט די פֿראַגע דער שייוועס. נאָר אין פֿאַל פֿון אַ מאָרד ווערט אָנגעווענדט בלוט־נעקאָמע, אָבער אָפֿט ווערט די בלוט־נעקאָמע פֿאַרביטן מיט אויסקויף. דער גרעסטער טייל קאָנפֿליקטן ווערט דערליידיקט פֿרידלעך, לויט דעם אײַנגעשטעלטן מינהאָג. קיין שום ספּעציִעלע געריכט־אָרגאַנען, קיין שום באַאַמטע זײַנען ניטאָ. די שטאַם־אָרדענונג ווערט פֿאַרוואַלטעט אָן וועלכע־עס־איז אָרגאַנען פֿון מעלוכע־מאַכט. די קראַפֿט פֿון געוווינהייט, דער באַוווסטזײַן פֿון די אייגענע רעכט און פֿליכטן, דער געפֿיל פֿון זעלבסטווירדע פֿון יעדן שטאַם־מיטגליד, דער אויטאָריטעט און די אַלגעמיינע אַכטונג

צום אָנפירער פון שטאַט — אָט דאָס מאַכט מעגלעך די סאַמע פּאַשעטע און די סאַמע פולקומע פּאַרוואַלטונג מיט אַלע זײַטן פון געזעלשאַפט־לעכן לעבן. די הויכע זיטלעכע אײגנשאַפטן פון די מיטגלידער פון שטאַט דערציט די קאָמוניסטישע אָרגאַניזאַציע פון זײער לעבן. די שטוב־ווירטשאַפט ווערט געפירט באַ א רײ ווירטשאַפטן געמײנזאַם, קאָמו־ניסטיש. די ערד געהערט דעם גאַנצן שײוועט. נאָך די סעדער און די גערטנער ווערן אָפּגעגעבן אײנצלנע ווירטשאַפטן, „אין די מער אַלטע געמײנדעס, — האָט מאַרקס געשריבן, — ווערט די אַרבעט געטאָן געמײנזאַם, און דער אַלגעמײנער פּראָדוקט, אַכוץ דעם טײל, וואָס מע לײגט אָפּ צו רעפּראָדוצירן, ווערט פאַנאַנדערגעטײלט ביסלעכווײז, לויט די באַדערפענישן פון געברויך“.

אפן באָדן פון קאָמוניסטישן לעבן־שטײגער איז אויסגעוואַקסן די ענגסטע קעגנזײַטיקע הילף. „קײן אָרעמע לײַט און קײן נויטבאַדערפ־טיקע, — זאָגט ענגעלס, — קאָנען ניט זײַן — די קאָמוניסטישע ווירט־שאַפט און דער שטאַט ווײסן זײערע פליכטן צו די אַלטע לײַט, צו די קראַנקע און צו די, וואָס זײַנען בײַס דער מילכאָמע געוואָרן קאַ־ליקעס“. אַלע ניט אַרבעטפײַקע האַלט אויס דער שטאַט און ער שטיצט זײ מיט אַלע מיטלען.

דער קאָמוניסטישער שטאַט האָט אויך זײַנע ספּעציפישע פאַמיליע־באַציִונגען. קײן פעסטע אינדיווידועלע פאַמיליע איז נאָך ניט געווען. עס איז געווען די אַזויגערופענע פּאָר־הײראַט און אַן אַנטשפּרעכיקע ניט שטאַנדהאַפטיקע פאָרם פון א פּאָר־פאַמיליע. די פּאָר־פאַמיליע האָט זיך ניט קעגנגעשטעלט דעם שטאַט און איז געווען אונטערגעוואָרפן די אינטערעסן פון שטאַט. אַזאַ פאַמיליע האָט ניט געקאָנט אָנזאַמלען קײן גרויסן פאַמיליע־פאַרמעגן, זי האָט ניט געקאָנט אופהײבן זיך העכער פאַר די אַנדערע מיטגלידער פון שטאַט. ווי מיר האָבן גע־זען, האָט דער מינהעג פון יאַרשענען אויסגעשלאָסן די מעגלעכקײַט, אַז אין א פאַמיליע זאָל זיך אָנזאַמלען פאַרמעגן אין מעשעך פון א רײ דוירעס. אַזוי ווי די קינדער האָבן ניט געקאָנט יאַרשענען דעם פאָטערס פאַרמעגן, איז אָנזאַמלען פאַרמעגן געווען שווער.

ערשט ווען די שטאַט־אָרדענונג אַנטוויקלט זיך, אַנטשטײט אויך די נײַע פאַמיליע־פאָרם מיטן מאַנספּערזאָן אין דער שפּיץ און מיט איר ווירטשאַפט — די פאָרם פון א פאַמיליע, וואָס פאָרט זיך ניט מיט די קאָמוניסטישע פּרינציפּן פון דער שטאַט־אָרדענונג. אָט די נײַע פאָרם

פון דער פאמיליע האָט פון סאַמע אָנהייב פון איר אנטשטייונג אריינ־געבראכט עלעמענטן פון צעפאלונג אין דער שטאם־אָרדענונג און האָט זיך פארפעסטיקט אפ די כורוועס פון דער דאָזיקער אָרדענונג. אָבער וועגן דעם וועלן מיר ריידן אין קומענדיקן קאפיטל.

די אוראלטע קאָמוניסטישע געזעלשאפטלעכקייט, וואָס האָט ארום־גענומען דעם פעריאָד פון די וואנדערנדיקע טאָטעם־גרופּן און די גאנ־צע עפּאָכע פון דער שטאם־אָרדענונג, האָט געשפּילט א קאָלאָסאלע ראָליע אין דער אנטוויקלונג־געשיכטע פון דער מענטשהייט. דער אור־אלטער קאָמוניזם האָט געגעבן אונדזערע אוראלטע פאָרגייער די גרעס־טע באהעפטיקייט, ער האָט פארגרעסערט זייערע קרעפטן דורך דער ענגסטער פאראייניקונג, ער האָט געגעבן שוץ און הילף יעדן מיטגליד פון דער געזעלשאפט. דער קאָמוניסטישער אָרגאניזאציע האָט דער אוראלטער מענטש צו פארדאנקען פאר אלע זיינע טעכנישע דערגריי־כונגען, ער האָט איר צו פארדאנקען פאר דעם, וואָס די רויב־כייעס האָבן אים ניט אומגעבראכט, וואָס ער איז ניט אומגעקומען פון הונ־גער און. נאָר אין דער אוראלטער קאָמוניסטישער געזעלשאפט האָבן זיך געקאָנט אויסארבעטן אזוינע אייגנשאפטן, נייטיקע פארן אוראלטן מענטשן, ווי די פייִקייט אויסצוטראָגן א סאך, סאָלידאַרישקייט, העלדנ־מוט און. „ביישפּילן פון אזא העלדנמוט האָבן מיר געזען, — זאָגט ענגלעס, — נאָר ניט לאנג אין אפריקע. די קאפער־זולוסן האָבן מיט עטלעכע יאָר צוריק, ווי די נוביער האָבן מיט עטלעכע כאדאָשים צוריק... געטאָן דאָס, וואָס עס וואָלט ניט געקאָנט אויספירן קיין אייג אייראָפּייִש מיליטער. באוואָפנטע נאָר מיט אייגפאכע שווערדן און שפּיזן, ניט האָבנדיק קיין פייער־געווער, אונטער א האָגל פון קוילן פון די גיך שיסנדיקע ביקסן פון דער ענגלישער אינפאנטעריע, וואָס איז לויט דער אלגעמיינער מיינונג די ערשטע אין דער וועלט, האָבן זיי אין א געשלאָסענער שורענגע דערפירט ביז א באגנעטן־שלאכט: ניט איינמאָל פלעגן זיי דעזאָרגאניזירן די ענגלישע אינפאנטעריע און אפילע זי אָפּוואַרפן בא דער העכסטער אומגלייכקייט אין דער באוואָ־פענונג, כאָטש זיי ווייסן ניט פון מיליטער־פליכט און האָבן ניט קיין מיליטערישע שולונג. וואָס די דאָזיקע ווילדע קאָנען אויסהאלטן און אויספירן, באווייזט דאָס קלאָגן זיך פון די ענגלענדער, אז א קאפער גייט דורך אין א מעסלעס א גרעסערן שטעק און גיכער, איידער א פערד". אזו שילדערט ענגעלס די פייִקייט צו אויסהאלטן א סאך,

די קראפט און דעם העלדנמוט פון די אפריקאנישע שוואַטים, וואָס פארטיידיקן זייער זעלבשטענדיקייט קעגן די ענגלישע עקספּלואַטאָ-טאָרן. די דאָזיקע שוואַטים ווײַזן ארויס אין קאמפּ גרויסע מײַלעס טאקע, ווײַל בא זיי איז נאָך שטארק די שטאם־אָרדענונג, וואָס האָט ארויסגערופן די דאָזיקע מײַלעס.

---

## 5. די צעפאלונג פון דער שטאם־אָרדענונג

אין די ראמען פון דער אוראלטער קאָמוניסטישער אָרדענונג זײַנען די פּראָדוקטיווע קרעפטן דערגאנגען צו א הויכער מאדרייגע אנטוויקלונג. דאָס ארבעט־געצײַג איז פארפולקומט געוואָרן. דער מענטש האָט באהערשט די טעפערײַ. באגלײַך מיט אן אָפּגעשלײַפטן שטיין צום אויסארבעטן גיצײַג הויבט מען אָן צו געברויכן בראָנזע. פיצוכט און ערדארבעט ווערן די גרונט־צווײַגן פון דער ארבעט. יאגד פארלירט איר אנטשיידנדיקע באדײַטונג. די פּראָדוקטיווקײַט פון דער מענטשלעכער ארבעט ווערט העכער. פריִער פלעגט דער מענטש פארברויכן אלץ, וואָס ער פלעגט פּראָדוצירן, איצט הייבט ער אָן פּראָדוצירן מער איידער ער פארברויכט. עס אנטשטייט א מער־פּראָדוקט, און צוזאמען מיט דעם אנטשטייט אויך די מעגלעכ־קײַט, צו אָנזאמלען רײַכטום. ווען עס ווערט העכער די ארבעט־פּראָ־דוקטיווקײַט, ווען עס אנטשטייט דער מער-פּראָדוקט, ווערט געשאפן א מעגלעכקײַט, אז איין מענטש זאָל עקספּלואטירן א צווייטן, א מעג־לעכקײַט, אז איין גרופּע מענטשן זאָל לעבן אפן כעזשבן פון דער ארבעט פון א צווייטער גרופּע מענטשן.

ווען די ארבעט איז געווען ווייניק פּראָדוקטיוו, ווען א מענטש פלעגט פּראָדוצירן פונקט אזויפיל און אפילע ווייניקער וויפל ער האָט געקאָנט געברויכן, דעמלט האָט ער ניט געקאָנט אויסהאלטן אן אנדער מענטש מיט זײַן ארבעט.

צוליב די זעלבע סיבעס פלעגן מענטשן בייס א מילכאָמע ניט נעמען דעם קעגנער אין געפאנגענשאפט. ווען מען פלעגט כאפּן דעם קעגנער, פלעגט מען אים פארניכטן אָדער מע פלעגט אים ארײַנעמען אין דער אייגענער גרופּע, אלס גלײַכבארעכטיקטן מיטגליד. פארוואנדלען אים אין א געפאנגענעם און צווינגען ארבעטן פאר די זיגער האָבן

זיי ניט געקאָנט, ווײַל די ארבעט איז געווען ווייניק פּראָדוקטיוו, און די געפאנגענע וואָלטן פּראָדוצירט אזויפיל פּראָדוקטן, וויפל זיי דארפן האָבן צום געברויך. ווען מע זאָל נאָך נעמען אין אכט, אז זייער ארבעט וואָלט דאָך געווען א פארשקלאפטע ארבעט, מוז מען אָננעמען, אז זיי וואָלטן גיכער פאר אלץ פּראָדוצירט נאָך ווייניקער, איידער זיי דארפן האָבן פאר זייער עקזיסטענץ. פאר די זיגער וואָלט אזויארום געווען אומניצלעך און באלעסטיקנדיק דאָס נעמען אין גע-פאנגענשאפט.

ווען עס אנטוויקלט זיך די פּראָדוקטיווקייט פון דער ארבעט, בײַט זיך דאָס בילד אינגאנצן. ווי נאָר דער מענטש האָט אָנגעהויבן צו פּראָדוצירן מער ווי ער געברויכט, פון דעם מאָמענט אָן איז געוואָרן מעגלעך אויסצונוצן, צוצונעמען פאר זיך פרעמדע ארבעט. באגלײַך מיטן וווּקס פון דער ארבעט־פּראָדוקטיווקײַט זײַנען געשאפן געוואָרן די באדינגונגען, ווען איין מענטש קאָן עקספּלואטירן א צווייטן, ווען א געוויסע הײַפעלע מענטשן קאָן עקזיסטירן אפן כעזשבן פון דער ארבעט פונעם איבעריקן טייל געזעלשאפט.

אין די דאָזיקע באדינגונגען האָט זיך אויך געענדערט די באַ־ציִונג צום פארכאפּן קעגנער. איצט נעמט מען דעם קעגנער אין געפאנגענשאפט און מע נוצט אים אויס בא דער ארבעט. דער זיגער סטארעט זיך צו באקומען פון אים וואָס מער מער־פּראָדוקט, דאָס הייסט, איבעריקע פּראָדוקטן אויסער דער צאָל, וואָס מע דארף האָבן צו אונטערהאלטן דאָס לעבן פונעם געפאנגענעם. דער געפאנגענער ווערט אזויארום פארוואנדלט אין א שקלאפ, און די מילכאָמע ווערט אזויארום א קוואל צו באקומען נײַע פארטיעס שקלאפן. דאָס איז איינער פון די קוואלן פון שקלאפערײַ.

לאָמיר איצט באטראכטן, וואָס פאר א ווירקונג עס האָט געהאט די אנטוויקלונג פון די פּראָדוקטיווע קרעפטן אפ די פאמיליע־באציִונ־גען און אפ די שטאם־באציִונגען.

דער וווּקס פון דער ארבעט-פּראָדוקטיווקײַט, די אנטשטייונג פונעם מער־פּראָדוקט האָט געבראכט צו דער אויסבילדונג פון היפשע רײַכטימער. די דאָזיקע רײַכטימער האָבן לעכאטכילע געהערט דעם גאנצן שטאם, אָבער ביסלעכווײַז איז פאָרגעקומען אן אָנזאמלונג פון רײַכטום אויך אין דער פאמיליע. די רײַכטימער, וואָס זײַנען גיך אָנגעוואקסן אין דער פאמיליע, האָבן זיך ניט געפּאָרט מיט די אלטע

שטאַם־באַציִונגען און פֿאַמיליע־באַציִונגען. די מאַנסלײַט, וואָס האָבן באַהערשט די ערדאַרבעט און די פּיצוכט, זײַנען געוואָרן די הויפּט־פּערזאָנען סײַ אין דער פּראָדוקציע סײַ אין דער פֿאַמיליע. דאָס אָנזאַמלען רײַכטום איז געווען דעריקער זייער אַרבעט. אָבער באַם שאַפֿן זיך מיטן רײַכטום זײַנען דעם מאַנספּערזאָנס רעכט געווען העכסט באַגרענעצט, די אַלטע שטאַם־באַציִונגען האָבן פֿאַרשמעלערט דעם מאַנספּערזאָנס רעכט. ווי מיר ווייסן שוין, האָט דער מאַנספּער־זאָן ניט געקאָנט איבערגעבן זײַן פֿאַרמעגן זײַנע קינדער אין ירושה. זײַן פֿאַרמעגן האָט געקאָנט אַריבערגיין צו זײַנע ברידער, שוועסטער אאַוו., און זײַנע אייגענע קינדער פֿלעגן ניט באַקומען קיין ירושה. די אַלטע מינהאָגים און קלאָלים פֿון שטאַם, וואָס האָבן אַמאָל צוגע־מענטירט דעם לעבן־שטייגער פֿון שטאַם, זײַנען בא די נײַע באַדינ־גונגען געוואָרן פּענטעס, וואָס שטערן דער געזעלשאַפֿטלעכער אַנט־וויקלונג. ווען מע זאָל אויספֿירן די אַלע קלאָלים, וואָלט דאָס אַם א געוויסער צײַט פֿאַרהאַלטן די צעפֿאַלונג פֿון שטאַם, די צעפֿאַלונג פֿון דער שטאַם־אָרדענונג, אָבער דאָס וואָלט אויך פּונקט אַם אַזויפֿיל פֿאַרהאַלטן די ווײַטערדיקע אַנטוויקלונג פֿון דער געזעלשאַפֿט. די שטאַם־אָרדענונג האָט אָפּגעשפּילט א גרויסע היסטאָרישע ראָליע און האָט געמוזט אַראָפּגיין פֿון דער היסטאָרישער סצענע. באַגלײַך מיט איר האָבן געמוזט פֿאַלן אַלע אירע אינסטיטוציעס, פֿאַראָנדקעס און געוווינהײַטן. דאָס האָט געפֿאָדערט די עקאָנאָמישע אַנטוויקלונג פֿון דער געזעלשאַפֿט.

„די שטאַם־אָרדענונג, — זאָגט ענגעלס, — אין איר העכסטער פֿאָרם, ווי מיר האָבן זי געזען אין אַמעריקע, איז געווען א רעזולטאַט פֿון א העכסט ניט אַנטוויקלטער פּראָדוקציע, אַלזאָ פֿון א העכסט שיטערער באַפֿעלקע־רונג אַם א ברייטן שעטעכ, אַלזאָ פֿון קימאַט פֿולקומער געהערכזאַמ־קײַט פֿון דעם מענטשן דער אומפֿאַרשטענדלעכער אויסערלעכער נאַ־טור, וואָס שטייט אים אַנטקעגן... דער שייוועט איז געבליבן די גרענעצ פֿאַרן מענטשן סײַ בענעגייע א פֿרעמדן פֿון אַן אַנדער שיי־וועט סײַ בענעגייע זיך אַליין: דער שייוועט, דער שטאַם און זייערע אינסטיטוציעס זײַנען געווען הייליק און אומבאַרירלעכ, זיי זײַנען געווען די העכסטע, פֿון דער נאַטור געגעבענע קראַפֿט, וואָס א יאָכיד האָט זיך איר אומבאַדינגט אונטערגעוואָרפֿן אין זײַנע געפֿילן, גע־דאַנקען און טאַטן. די מענטשן פֿון יענער עפּאָכע מעגן אונדז זייער אימפּאָנירן, אָבער זיי אונטערשיידן זיך ניט איינער פֿונעם אַנדערן...

די מאכט פון דער דאָזיקער... געזעלשאַפט האָט געמוזט צעבראָכן ווערן, — און זי איז ווירקלעך צעבראָכן געוואָרן".

אין דער צײַט, ווען דער שטאַם איז צעפאַלן געוואָרן, האָט די פאַמיליע אָנגעהויבן באַקומען אַן אַלץ גרעסערע און גרעסערע באַדײַטונג אַלס ווירטשאַפטלעכער גרונט־איינס. נאַטירלעך, האָט זיך אויך געביטן דער כאַראַקטער פון דער פאַמיליע גופא. אין דער עפּאָכע פון דער שטאַם־אָרדענונג איז די הערשנדיקע פאָרם געווען די ניט



12. א סצענע פון א שטאַם־מילכאָמע

שטאַנדהאַפטיקע פּאָר־פאַמיליע, אָבער ווען די שטאַם־אָרדענונג איז צעפאַלן געוואָרן, קומט אויף אַפּ דער סצענע א ברייטע פאַ-מיליע לויט איר פאָרנעם, די אַזויגערופענע פּאַטריאַרכאַלע פאַמיליע מיט א מאַנספּערזאָן אין דער שפּיץ. אַזאַ פאַמיליע נעמט אַרום עטלעכע דורות נאָכקומער פון איין פאָטער. אין דער פאַמיליע גייען אַמאָל אַרײַן אויך די שקלאַפן. די גאַנצע פאַמיליע וווינט אין איין הויף, פירט איין געמיינזאַמע ווירטשאַפט. אַלע מיטגלידער פון דער פאַמיליע זײַנען געהאָרכזאַם דעם הויז־באַלעבאָס. נאַטירלעך, אַזאַ פאַמיליע־פאָרם

מיט איר זעלבשטענדיקער ווירטשאפט קאָן זיך ניט איינפּאסן אין די ראמען פון דער שטאם־אָרדענונג און זי וואקסט אויס נאָר אן די כורוועס פון דער שטאם-אָרדענונג.

ווען די שטאם-אָרדענונג ווערט צעפאלן און אין דער פאמיליע פארפעסטיקט זיך דעם פאָטערס מאכט, ווערט איינגעשטאלט די אָפּ־שטאמונג און די ירושע לויט דער מענלעכער ליניע. די לאגע פון דער פרוי ווערט ערגער אין אלע הינזיכטן. די נייע עקאָנאָמישע באַ־דינגונגען רופן ארויס און פארפעסטיקן די הערשאַפט פונעם מאנס־פערזאָן איבער דער פרוי. „אין דער אלטער קאָמוניסטישער ווירט־שאפט...— האָט ענגעלס געשריבן, — איז די שטוב־ווירטשאפט, וואָס די פרוי האָט געפירט, געווען פונקט אזא געזעלשאפטלעך־נייטיקע באשעפטיקונג, ווי דאָס באקומען שפּייז, וואָס די מענער האָבן גע־טאָן, ווען עס איז אנטשטאנען די פּאטריארכאלע פאמיליע און, נאָך מער, די אינדיווידועלע מאָנאָגאמישע פאמיליע, האָט זיך די לאגע געענדערט. דאָס פירן די שטוב־ווירטשאפט האָט אָנגעוואָרן דעם געזעלשאפטלעכן כאראקטער. דאָס האָט אופגעהערט צו אינטערעסירן די געזעלשאפט; דאָס איז געוואָרן א פּריוואטע דינסט-ארבעט. די פרוי איז געוואָרן די הויפּט־דינסט, זי איז באזייטיקט געוואָרן פון אָנטיילנע־מען אין דער געזעלשאפטלעכער פּראָדוקציע. נאָר די גרויס-אינדוסטריע פון אונדזער צייט האָט פאר איר געעפנט — און דאָס אויך נאָר פאר דער פּראָלעטאריערין — דעם וועג צו דער געזעלשאפטלעכער פּראָדוקציע".

ווען עס האָבן זיך אויסגעבילדעט היפשע רייכטימער און זיי האָבן זיך אָנגעזאמלט אין די הענט פון דער פאמיליע, האָט דאָס א שטויס געגעבן דער אנטוויקלונג און דער פארברייטערונג פונעם אויסטויש. דער אויסטויש האָט עקזיסטירט נאָך א לאנגע צייט, איידער עס איז אנטשטאנען פאמיליע־אייגנטום. צוערשט פלעגט דער אויסטויש פאָר־קומען צווישן די שכיינעסדיקע שטאמען אָדער שוואָטים. אין דער דאָזיקער פאָרם האָט ער ניט באקומען קיין וויפל־עס־איז באדייטנ-דיקע אנטוויקלונג. אָבער מיט דער אנטוויקלונג פון די אויסטויש-אָפּעראציעס צווישן איינצלנע מענטשן ווערט דער אויסטויש אלץ מער און מער א נייטיקער באשטאנד־טייל פון דער ווירטשאפטלעכער טע-טיקייט. דער יעסאָד פונעם אויסטויש איז געווען די אלץ טיפער געוואָרענע ארבעט-צעטיילונג אין דער געזעלשאפט.

די ארבעט־צעטיילונג האָט אונטערגעריסן די שטאַם־אָרדענונג, זי האָט צעברעקלט די געזעלשאַפטלעכע פּראָדוקציע צווישן איינצלנע פּראָדוצירער. זי האָט געבראַכט צו דער אַנטשטייונג פון פּריוואַט־אייגנטום פון איינצלנע פּראָדוצירער אפ די פּראָדוקטן פון זייער ארבעט און האָט ארויסגערופן די נייטיקייט פון אויסטויש. „אָבער ווען אין א געמיינדע, — האָט לענין געשריבן, — דרינגט אריין די ארבעט־צעטיילונג און אירע מיטגלידער האָבן אָנגעהויבן יעדערער איינציקווייז צו פאַרנעמען זיך מיט אויסאַרבעטן א וועלכן-עס־איז פּראָדוקט און פאַרקויפן אים אפן מאַרק, דעמלט איז געקומען אַלס אויסדרוק פון דער דאָזיקער מאַטעריעלער אָפּגעזונדערטקייט פון די סכוירע־פּראָדוצירער דער אינסטיטוט פון פּריוואַט־אייגנטום". ווען עס האָט זיך אויסגעטיילט און אָפּגעזונדערט די פּיצוכט, די ערדאַרבעט און נאָכדעם אויך די האַנטווערקערײַ, איז דער אויסטויש געוואָרן די נייטיקע באַדינגונג פון געזעלשאַפטלעכן לעבן. עס אַנטשטייט א ספּעציעלע גרופּע מענטשן, וואָס באַטייליקט זיך ניט דירעקט אין דער פּראָדוקציע און פאַרנעמט זיך אויסשליסלעך מיט קויפן און פאַרקויפן סכוירעס, זי ווערט א פאַרמיטלער צווישן דעם פּראָדוצירער און דעם געברויכער.

דעם לעצטן קלאַפּ דערלאַנגט דער שטאַם-אָרדענונג דער אופקום פון דער קלאַסן-געזעלשאַפט. ווען עס אַנטשטייען קלאַסן און עס אַנטוויקלט זיך דער קאַמף צווישן זיי, ווערן כאָרעווו די לעצטע רעשטן פון דער אוראַלטער קאָמוניסטישער אָרדענונג. מיר האָבן שוין קאָנסטאַטירט, אז ווען עס אַנטוויקלען זיך די פּראָדוקטיווע קרעפטן, שאַפט דעם מענטשנס ארבעט מער פּראָדוקטן, איידער דאָס פאָדערט זיך צו באַפרידיקן די באַדערפענישן פונעם געגעבענעם מענטשן. אָט דעם מער־פּראָדוקט קאָן צונעמען פאַר זיך אַן אנדער מענטש. אלזאָ צוזאַמען מיטן מער־פּראָדוקט ווערט געשאַפן די מעגלעכקייט, אז איין מענטש זאָל עקספּלואַטירן א צווייטן מענטשן.

די אַנטשטייונג פון קלאַסן אפ דער דאָזיקער אַנטוויקלונג-שטופע איז געווען ניט נאָר מעגלעך, נאָר אויך אומפאַרמײַדלעך. די היסטאָרישע אומפאַרמײַדלעכקייט פון דער אַנטשטייונג פון קלאַסן איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס צוליב דעם מער־פּראָדוקט איז געוואָרן מעגלעך די עקזיסטענץ פון מענטשן, וואָס פאַרנעמען זיך ניט מיט פּראָדוקטיווער ארבעט. אין דער זעלבער צײַט זײַנען די פּראָדוקטיווע

קרעפטנ נאָכ ניט רײַפ געוואָרנ אפ אזויפיל, אז עס זאָל ווערנ איבעריק
די ארבעט־צעטיילונג, אז יעדער מענטש זאָל זיכ פארנעמענ נאָכ דער
ריי אי מיט פיזישער ארבעט, אי מיטנ פארוואלטנ מיטנ געזעלשאפט־
לעכנ לעבנ. מאכמעס דעמ איז געוואָרנ נייטיק, אז דער גרעסטער
טייל באפעלקערונג זאָל פראָדוצירנ לעבנסמיטלענ, אונ א גרופע מענטשנ,
וואָס לעבט אפנ כעזשבנ פונ דער ארבעט פונ דעמ דאָזיקנ גרעסטנ טייל,
האָט פארכאפט אינ אירע הענט די פארוואלטונג מיטנ געזעלשאפט-
לעכנ לעבנ, זי איז געוואָרנ די הערשנדיקע גרופע. אָט די אײַנטײ־
לונג פונ דער געזעלשאפט אפ קלאסנ האָט באזירט אפ דער צעטיי־
לונג אָדער פאנאנדערטיילונג פונ די פראָדוציר־מיטלענ צווישנ די
געזעלשאפטלעכע גרופנ, וואָס האָבנ געבילדעט די קלאסנ. א געוויסע
גרופע מענטשנ האָט באוויזנ זיכ איבער שטעלנ דער מערהײַט פונ
דער באפעלקערונג, באוויזנ צו ווערנ דער הערשנדיקער קלאס, נאָר
ווײַל זי איז געוואָרנ די הערשנדיקע אינ עקאָנאָמישנ געביט, ווײַל זי
האָט קאָנצענטרירט אינ אירע הענט א היפשנ טייל פונ די אנטשיידנדיקע
פראָדוציר־מיטלענ, ווײַל זי האָט קאָנצענטרירט קאָלאָסאלע רײַכטימער:
סטאדעס פי, פאשע, ערד-גיטער, ארבעט־געצײַג אאוו.

די קאָנקרעטע וועגנ פונ דער פאָרמירונג פונ קלאסנ האָבנ גע-
קאָנט זײַנ אונ זײַנענ ווירקלעכ געווענ פארשיידנ. ענגעלס ווײַזט אָנ
צוויי וועגנ, מיט וועלכע עס איז היסטאָריש געגאנגענ די פאָרמירונג
פונ קלאסנ. לאָמיר באטראכטנ די ביידע וועגנ:

דער ערשטער וועג. אינ דער אוראלטער שטאמ-קאָמונע
זײַנענ פאראנ באשטימטע אלגעמיינע אינטערעסנ. אונ דאָס אָפּהיטנ
די דאָזיקע אינטערעסנ ווערט איבערגעגעבנ איינצלנע פערזאָנענ. מיר
האָבנ זיכ שוינ באגעגנט מיט אזוינע פערזאָנענ — דאָס זײַנענ די
מיליטערישע אונ די ציווילע אָנפירער פונ שטאמ. זייער אופגאבע
איז לייזנ שטרײַטנ, אָרגאניזירנ די שוץ, אכטונג געבנ אפ די וואזער־
רעזערוווארנ, אויספילנ רעליגיעזע צערעמאָניעס אאוו. אינ פארלויפ
פונ דער צײַט האָבנ זיכ די דאָזיקע מענטשנ גענומענ אלצ מער אונ
מער מאכט, זיי זײַנענ געוואָרנ אלצ מער אונ מער אומאָפּהענגיק אונ
זעלבשטענדיק. מיט דער אנטשטייונג אונ דער אנטוויקלונג פונ פריוואט-
אייגנטומ האָט די דאָזיקע גרופע מענטשנ (נאטירלעכ, פריִער פאר
אנדערע) קאָנצענטרירט אינ איר רעשוס היפשע רײַכטימער אונ האָט
אָנגעהויבנ הערשנ אויכ אינ עקאָנאָמישנ געביט. אזויארומ האָבנ זיכ

די באאמטע פונ דער געזעלשאפט מיט דער צייט דערהויבנ ביז דער הערשאפט איבער דער דאָזיקער געזעלשאפט. „דער דינער איז...— לויט ענגעלסעס אויסדרוק, — ביסלעכווייז פאַרוואנדלט געוואָרנ אינ א האר". די איינצלנע פערזאָנענ, וואָס זיינענ דערגאנגענ צו הערשאפט, האָבנ פארכאפט די אנטשיידנדיקע פראָדוציר-מיטלענ, זיי האָבנ זיך צונויפגעגאָסנ אינ א גאנצנ הערשנדיקנ קלאס.

דער צווייטער וועג. די אנטשטייונג פונ פריוואט-אייגנטום, די ארבעטס-צעטיילונג אונ דער אויסטויש, וואָס איז אומבאדינגט פארבונדנ מיט אים, די ניט גלייכע פאנאנדערטיילונג פונ די פראָדוציר-מיטלענ אונ דעריבער אויך פונ די געברויך-מיטלענ האָבנ געבראכט ריינ עקאָנאָמיש צום באריי‌כערנ א ריי פאמיליעס, צו פארפעסטיקנ זייער עקאָנאָמישע מאכט. אזויווי די פראָדוקציע האָט זיך אזוי ווייט אנטוויקלט, אז דער מענטש האָט געקאָנט פראָדוצירנ מער, איידער עס איז נייטיק פאר זיינ עקזיסטענצ, האָבנ אזוינע פאמיליעס געהאט א גרויסנ דוחק אינ ארבעטסקראפט צו באדינענ די צעוואקסענע ווירטשאפט. אָבער קיינ איבעריקע פרייע ארבעטסקראפט האָט מענ ניט געקאָנט געפינענ ניט אינ די אייגענע קאָמונעס, ניט אינ די שכניישע. אפ יענער אנטוויקלונג־שטופע האָט צוגאָב־ארבעטסקראפט געקאָנט קומענ נאָר פונ שקלאפעריי. אונ די שקלאפעריי איז באלד אנטשטאנענ. מילכאָמעס זיינענ פאר יענער צייט ניט געווענ קיינ נייס. אָבער איצט איז די הויפט-אויפגאבע פונ א מילכאָמע געוואָרנ — באגלייך מיט דער בלוט־נעקאָמע אונ מיטנ פארכאפנ טעריטאָריעס — דאָס פארכאפנ געפאנגענע צו פארוואנדלענ זיי אינ שקלאפנ. אזויארום איז דער קריג-רויב געוואָרנ איינער פונ די וועגנ, אפ וועלכנ עס איז אנטשטאנענ שקלאפעריי. די עקאָנאָמיש־מעכטיקע פאמיליעס קאָנצענטרירנ אינ זייערע הענט א היפשע מאסע שקלאפנ אונ ווערנ פארוואנדלט אינעם צעפאלונג-פראָצעס פונ דער שטאם-אָרדענונג אינ א קלאס שקלאפנ־באזיצער. די ארמיי שקלאפנ, וואָס איז זיי געהאָרכזאַם, בילדעט דעם קעגנזעצלעכנ קלאס, דעם אונטערגעדריקטנ קלאס, דעם קלאס רעכטלאָזע שקלאפנ. דאָס איז דער צווייטער וועג פונ דער פאָרמירונג פונ די קלאסנ.

אינ דער קאָנקרעטער געשיכטע פלעגנ זיך דיביידע וועגנ ענג איבערפלעכטנ, זיי פלעגנ דערגאנצנ איינער דעם אנדערנ. ביידע זיינענ זיי א רעזולטאט פונ באשטימטע עקאָנאָמישע באדינגונגענ. מיט

דער אנטשטייונג פון פריוואט-אייגנטום, מיטן אופקומען פונעם מער־פּראָדוקט, מיט דער ארבעט־צעטיילונג און מיט דער אָנזאמלונג פון פּראָדוציר־מיטלען אין די הענט פון א געוויסן קרייַז מענטשן, איז מעג־לעך געוואָרן, אז איין מענטש זאָל עקספּלואטירן א צווייטן. מיט דער אנטשטייונג פון די אלע באדינגונגען ווערט די געזעלשאפט צעשפּאָלטן אף קלאסן. „די שקלאפן־באזיצער און די שקלאפן, — האָט לענין גע־זאָגט, — איז די ערשטע גרויסע איינטיילונג אף קלאסן. די ערשטע גרופּע האָט פארמאָגט ניט נאָר אלע פּראָדוציר-מיטלען — ערד, געצייַג, ווי פּרימיטיוו זיי זאָלן דעמלט ניט געווען זייַן, נאָר זי האָט אויך פארמאָגט מענטשן. די דאָזיקע גרופּע האָט געהייסן שקלאפן־באזיצער, און די, וואָס האָבן געארבעט און אָפּגעגעבן זייער ארבעט אנדערע, האָבן געהייסן שקלאפן“.

די אנטשטייונג פון די קלאסן האָט כאָרעוו געמאכט די אורד אלטע קאָמוניסטישע שטאם־אָרדענונג פון געזעלשאפטלעכן לעבן. די שטאם־אינסטיטוציעס האָבן נאָך א געוויסע צייַט עקזיסטירט, אָבער פון אָרגאנען פונעם שטאם זייַנען זיי ביסלעכווייַז פארוואנדלט געוואָרן אין אָרגאנען פונעם עקספּלואטאטאָרישן קלאס, אין אָרגאנען, מיט וועלכע די עקספּלואטאטערן האָבן אונטערטעניק געמאכט זייערע אָרע־מערע קרויווים.

צוליב דעם, וואָס איינציקע מיטגלידער פונעם שטאם זייַנען רייַך געוואָרן און אנדערע זייַנען אָרעם געוואָרן, צוליבן קויף און פארקויף פון ערד־פּלעצער און דער פארשטארקונג פון דער ארבעט־צעטיילונג, צוליב דער אנטוויקלונג פון האנדל איז געוואָרן אבסאָליוט אומפאר־מייַדלעך די שטענדיקע באוועגונג פון די מיטגלידער פונעם שטאם. א היפּשער טייל מיטגלידער האָט זיך געמוזט שיידן מיטן שטאם. די מיטגלידער פון שטאם, וואָס זייַנען געבליבן אף אַן אָרט, האָבן זיך איבערגעמישט מיט דער אָנגעקומענער באפעלקערונג. דערצו נאָך פלעגט די גאנצע באפעלקערונג שטענדיק קאָמפּלעקטירט ווערן מיט שקלאפן. די ראמען פונעם שטאם פלעגן אומפארמייַדלעך צעבראָכן ווערן. די איינטיילונג אף שטאמען האָט ביסלעכווייַז גענומען אָפּטרעטן איר אָרט דער איינטיילונג אף קלאסן און דער טעריטאָריעלער־איינטיי־לונג. דאָס באנוצן זיך מיט די אָדער יענע רעכט האָט מען שוין אָנגעהויבן צו פארבינדן ניט מיט דער אָנגעהעריקייַט צום שטאם, נאָר מיט דער אָנגעהעריקייַט צו דעם אָדער יענעם קלאס און מיט

דער אָנגעהעריקייט צו דער אָדער יענער טעריטאָריע. דער שטאַם האָט פאַרלאָרן יערע עקאָנאָמישע און פּאָליטישע באַדייטונג.

ווען אַף דער היסטאָרישער סצענע האָט זיך באַוויזן די מעלוכע, האָט זי אָפּגעשטויסן, אָפּגעוואָרפן אָן אַ זייט אַלערליי רעשטן פון שטאַם-אינסטיטוציעס. אויב די דאָזיקע רעשטן זיינען ערגעצ־ווו יאָ פאַרבליבן, זיינען זיי פאַרבליבן נאָר אַף אַזויפיל, אַף וויפל זיי זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אָרגאַנען פון דער מעלוכע, אַף וויפל זיי האָבן אָנגעוואָרן זייער באַדייטונג אַלס שטאַם-אינסטיטוציעס.

די מעלוכע איז אַנטשטאַנען צוזאַמען מיט דער אַנטשטייונג פון די קלאַסן אַלס פּראָדוקט פון דער אומקאָמפּראָמיסלעכקייט, אומ־בעשאָלעמדיקייט פון זייערע אינטערעסן, אַלס פּראָדוקט פון זייערע אומפאַרמיידלעכע צוזאַמענשטויסן, פון זייער קעגנזייטיקן קאַמף. די שטאַם־געזעלשאַפט האָט ניט געוווסט פון קיין קלאַסן-ווידערשפּרוכן און האָט ניט באַדאַרפט האָבן קיין צוואַנג־אָרגאַנען און קיין צוואַנג־מיטלען. די קראַפט פון דער געזעלשאַפטלעכער מיינונג, דער באַשלוס פון דער שטאַם־פאַרזאַמלונג איז געווען פולקום גענוג צו דערליידיקן אַלע שטרייטן און קאָנפליקטן. ווען עס אַנטשטייען קלאַסן, זיינען שוין ניט גענוג די אויפווירקונג-מיטלען, וואָס די שטאַם־אָרדענונג פאַרמאָגט. דער ווידערשפּרוך צווישן דעם קלאַס עקספּלואַטאָרן און דעם קלאַס עקספּלואַטירטע איז שטענדיק געווען דער קוואַל פון אָנופהערלעכן אַמאָל פאַרבאָרגענעם, אַמאָל אָפּענעם קאַמף צווישן דיביידע קלאַסן. פאַר פייַנטלעכע קלאַסן איז פּונקט אַזוי אויסגעשלאָסן די פרידלעכע צוזאַמענלעבונג, ווי עס איז אויסגעשלאָסן דאָס קאָנען צונויפפאָרן זייערע אינטערעסן. אָבער דער אָנופהערלעכער אָפענער באַוואָפנטער קאַמף וואָלט געבראַכט דערצו, אַז די קלאַסן וואָלטן זיך קעגנזייטיק אומגעבראַכט, און יעדנפאַלס וואָלט דער הערשנדיקער קלאַס ניט געהאַט קיין מעגלעכקייט צו עקספּלואַטירן סיסטעמאַטיש דעם קלאַס אונטערגעדריקטע. קעדיי צו באַוואָרענען פאַר זיך די מעגלעכקייט פון שטענדיקער עקספּלואַטאַציע און פון שיצן זייער עקזיסטענץ, האָבן די עקספּלואַטאָרן געמוזט דערשטיקן דעם עק-ספּלואַטירטן קלאַס, אָפּנעמען בא אים די מעגלעכקייט צו פירן אַן אָפענע מילכאָמע קעגן זיינע אונטערדריקער. אַף צו דערשטיקן די אַרבעטנדיקע מאַסן און צו מאַכן זיי געהאָרכזאַם האָט מען געמוזט האָבן אַ ספּעציעלע קראַפט, אַ ספּעציעלן אַפּאַראַט. אָט דער אַפּאַראַט

איז געוואָרן די מעלוכע. „צווינגענ איינ טייל — דעם איבערוועגנדיקנ טייל — פונ דער געזעלשאפט סיסטעמאטיש צו ארבעטנ פארנ צווייטנ טייל קאָנ מענ ניט, אָנ א שטענדיקנ צוואנגס־אפאראט,—זאָגט לענינ,— קאַלומאנ עס זיינענ ניט געוועני קיינ קלאסנ, איז אויכ ניט געווענ אזא אפאראט. ווענ עס זיינענ אנטשטאנענ קלאסנ, איז אומעטום אונ שטענדיק, באגלייכ מיטנ וווקס אונ מיט דער פארפעסטיקונג פונ דער דאָזיקער איינטיילונג, פלעגט אויכ אנטשטיינ א ספעציעלע אינסטי־טוציע—די מעלוכע".

די מעלוכע איז אנטשטאנענ אלס אנ אפאראט פונעם הערשנדיקנ קלאס צו דערשטיקנ, צו מאכנ געהאָרכזאם דעם עקספלואטירטנ קלאס, וואָס בילדעט די מערהייט פונ דער געזעלשאפט. זי האָט עס געגעבנ דער מינדערהייט די מעגלעכקייט צו הערשנ איבער דער מערהייט. „די מעלוכע, — פלעגט לענינ ניט איינמאָל זאָגנ, — איז א מאשינ פונ איינ קלאס אפ צו אונטערדריקנ א צווייטנ, א מאשינ פונ איינ קלאס צו האלטנ געהאָרכזאם די איבעריקע — די אונטערטעניקע קלאסנ".

---

# שלוס

ווענ עס אנטשטייענ די קלאסנ, ווערט די גאנצע געשיכטע פונ דער געזעלשאפט א געשיכטע פונ קלאסנקאמפ. דער קלאסנקאמפ בילדעט די טרייבקראפט פונ דער גאנצער געשיכטע פונ דער קלאסנ־געזעלשאפט. היסטאָריש האָבנ זיכ געביטנ די קלאסנ, עס האָבנ זיכ געביטנ די פאָרמענ פונ קאמפ אונ די באציִונג צווישנ זיי, אָבער אומגעענדערט איז געבליבנ דער פאקט פונ אָנופהערלעכנ קלאסנ־קאמפ, וואָס באשטימט אלע זייטנ פונ געזעלשאפטלעכנ לעבנ אונ פונ געזעלשאפטלעכנ באוווסטזיינ. דער קאמפ צווישנ די עקספלואטירטע אונ די עקספלואטאטאָרנ, דער קאמפ צווישנ דעם קלאס אונטערגע־דריקטע אונ דעם קלאס אונטערדריקער איז געווענ די אקס פונ גאנצנ היסטאָרישנ פראָצעס, דער הייבער פונ אלע געזעלשאפטלעכע ענדע־רונגענ אונ איבערקערענישנ. דער קלאסנקאמפ צווישנ די אונטער־געדריקטע אונ די הערשנדיקע קלאסנ געפינט זיינ העכסטנ אויסדרוק אינ דער רעוואָליוציע, אינ אראָפּוואַרפנ מיט דער קראפט פונ געווער די הערשאפט פונעמ אלטנ הערשנדיקנ עקספלואטאטאָרישנ קלאס. אלע

סאָציאַלע רעוואָליוציעס פון דער פאַרגאַנגענהייט פלעגן זיך באַגרע־נעצן דערמיט, וואָס אַ נייע עקספּלואַטאַטאָרישע גרופּע פלעגט אָפּנעמען די מאַכט בײַ דער אַלטער עקספּלואַטאַטאָרישער גרופּע.

ווען עס איז געפאַלן די הערשאַפט פון די שקלאַפן־באַזיצער, איז אָנגעקומען די הערשאַפט פון די ערדבאַזיצער — די פּריצים. אָנשטאָט דער עקספּלואַטאַציע פונעם שקלאַף איז געקומען די עק־ספּלואַטאַציע פון לײַבייגענע פּויערים. ווען עס איז אָראָפּגעוואָרפן געוואָרן די מאַכט פון די פּריצים, איז אײַנגעשטעלט געוואָרן די הערשאַפט פון דער בורזשואַזיע. צוזאַמען מיט דעם איז אײַנגעשטעלט געוואָרן די אָרדענונג, ווען די בורזשואַזיע עקספּלואַטירט אָן ראַכ־מאָנעס דעם אונטערגעדריקטן קלאַס — דעם פּראָלעטאַריאַט. די קלאַסן, וואָס קומען צו דער מאַכט, פלעגן פאַרבײַטן איין פאָרם פון עק־ספּלואַטאַציע מיט אַן אַנדערער. נאַטירלעך, האָבן זיי געקאָנט אויסנוצן און פלעגן אויסנוצן די אַלטע עקספּלואַטאַטאָרישע מאַשין, ניט ברעכנדיק זי, קעדײַ צו פאַרפעסטיקן זייער הערשאַפט, קעדײַ צו מאַכן אונטער־טעניק, צו דערשטיקן דעם עקספּלואַטירטן קלאַס.

אָבער מיט דער אַנטוויקלונג פון די פּראָדוקטיווע קרעפטן, ווען אויף דער היסטאָרישער סצענע קומט אויף דער פּראָלעטאַריאַט אַלס קלאַס, וואָס שטייט אין דער שפּיץ פונעם רעוואָלוציאָנערן קאַמף פון אַלע אונטערגעדריקטע מאַסן קעגן די אונטערדריקער, בײַט זיך די לאַגע ראַדיקאַל. דער קאָמוניסטישער יעסאָד פאַר דער עקזיסטענץ פון קלאַסן ווערט באַזײַטיקט מיטן וווּקס פון די פּראָדוקטיווע קרעפטן. די אײַנטיילונג פון דער געזעלשאַפט אויף קלאַסן ווערט איבעריק, און די פאַרניכטונג פון דער דאָזיקער אײַנטיילונג ווערט היסטאָריש נייטיק. די עקזיסטענץ פון קלאַסן האָט געהאַט אַלס פאָרבאַדינג די פאַר־העלטנמעסיק ניט אַנטוויקלטע פּראָדוקטיווקייט פון דער מענטשלעכער אַרבעט. „אַזוי לאַנג, — האָט ענגעלס געשריבן, — ווי די אַרבעטנדיקע באַפעלקערונג איז אַזוי ווײַט פאַרטאָן מיט דער נייטיקער אַרבעט, אַז זי האָט ניט קיין פרײַע צײַט פאַר געזעלשאַפטלעכע איניאָנים, פאַרן פאַרוואַלטן מיט דער פּראָדוקציע, פאַר מעלוכישע איניאָנים, פאַר יוסטיץ, פאַר וויסנשאַפט, קונסט און אַזוי ווײַטער, — אַזוי לאַנג מוז עקזיסטירן אַ באַזונדער קלאַס מענטשן, וואָס איז באַפרײַט פון עמע־סער אַרבעט און איז פאַרנומען מיט די דאָזיקע איניאָנים; אַזאַ קלאַס פלעגט דערבײַ, נאַטירלעך, ניט דורכלאָזן קיין געלעגנהייט צוליב זײַנע

אייגענע ווינגאַדעס צו באַלעסטיקן די ארבעטער־מאסן מיט אלץ מער און מער ארבעט. נאָר די העכסטע פארשטאַרקונג פון דער ארבעט־פּראָדוקטיוויטעט, וואָס איז דערגרייכט געוואָרן בא דער גרויס־אינ־דוסטריע, דערלויבט ענדלעך צו פאנאנדערטיילן די ארבעט צווישן אלע מיטגלידער פון דער געזעלשאפט און דערמיט אזוי ווייט פאר־קירצן די ארבעט־צייט פון יעדן איינעם, אז אלע האָבן איבערגענוג צייט פארן טעאָרעטישן און פּראקטישן אָנטייל אין די איניאָנים פון דער גאנצער געזעלשאפט. אלזאָ, איצט צום ערשטן מאָל איז יעדער עקספּלואטירנדיקער און הערשנדיקער קלאס ניט נאָר געוואָרן איבע־ריק, נאָר ער האָט זיך אויך פארוואנדלט אין א שטערונג אפּנ וועג פון דער געזעלשאפטלעכער אנטוויקלונג, און איצט וועט ער אומ־פארמיידלעך באזײטיקט ווערן". דער עקספּלואטאטאָרישער קלאס קאַ־פּיטאליסטן איז פארוואנדלט געוואָרן אין א הײפעלע פּאראזיטן, וואָס גיבן גאָרנישט דער געזעלשאפט און כאפּן ארײַן אלע פּראָדוקטן פון דער געזעלשאפטלעכער ארבעט. אָט דאָס הײפעלע פּאראזיטן פאר־מאָגט די פּראָדוציר־מיטלען, און דאָס גיט זיי די מעגלעכקײט גאָר־נישט צו טאָן און געניסן פון דער ארבעט פון מיליאָנען פּראָלע־טאריער. די פארניכטונג פון דעם דאָזיקן פּאראזיטישן קלאס ווערט א קאטעגאָרישע היסטאָרישע נייטיקייט. ווען די קאפּיטאליסטישע אָר־דענונג וועט כאָרעוו ווערן, וועט דאָס באפרײַען די ארבעטנדיקע באפעלקערונג ניט נאָר פון די פּאראזיטישע קלאסן, נאָר אויך פון דער אנארכיע אין דער פּראָדוקציע, וואָס שטעקט אין דער באַטור פונעם קאפּיטאליזם און רופט ארויס קריזיסן, ארבעטלאָזיקייט, מיל־כאָמעס און ברענגט מיט זיך די צעטרענצלונג פון די פּראָדוציר־קרעפטן פון דער געזעלשאפט.

די אנטוויקלונג פון דער פּראָדוקציע מאכט ניט בלויז איבעריק די עקזיסטענץ פונעם עקספּלואטאטאָרישן קלאס און שאפט די נייטיקע באדינגונגען צום אופבויען א נייע געזעלשאפט אָן קלאסן, זי שאפט אויך די קראפט, וואָס איז פייִק צו כאָרעוו מאכן די אלטע געזעל־שאפט און אופבויען די נייע. אָט די קראפט איז דער רעוואָלוציאָ־נערער פּראָלעטאריאט. ער איז אנטשטאנען צוזאמען מיט דער אנט־שטייונג פון דער קאפּיטאליסטישער אינדוסטריע. דער פּראָלעטאריאט פארמאָגט ניט קיין שום אייגנטום. די גרויס-אינדוסטריע באהעפט אים, דער אײַנגעשפּאַרטער, דורערנדיקער קלאסנקאמף דערציט אים, און

ער שטעלט פאָר מיט זיך א קאָנסעקווענט-רעוואָליוציאָנערן קלאס.

אונטער דער אָנפירונג פון זײַן אוואנגארד-אָטריאד — דער באָל-שעוויסטישער פארטיי — האָט זיך דער פראָלעטאריאט פונעם געווע-זענעם צארישן רוסלאנד געשטעלט אין דער שפיץ פון אלע אונטער-געדריקטע עקספלואטירטע מאסן און האָט אין באוואָפנטן קאמף צע-שמעטערט די יעסוידעס פון דער בורזשואזער אָרדענונג, האָט אראָפּ-געוואָרפן די הערשאפט פון די פאראזיטן — די עקספלואטאטאָרן. דער פראָלעטאריאט פון פססר האָט אין פארביטערטן קלאסנקאמפ פאר-ענטפערט די אויפגאבע, וואָס די געשיכטע האָט געשטעלט, — די אויפ-גאבע צו באפרײַען די געזעלשאפט פון דער רויבערישער צעטרענצ-לונג פון די פראָדוקטיווע קרעפטן, צו באפרײַען זי פון די פארא-זיטישע עקספלואטאטאָרישע קלאסן. די בורזשואזע רעוואָליוציעס פלעגן ברענגען דערצו, אז דער נײַער עקספלואטאטאָרישער קלאס פלעגט אויסנוצן צוליב זײַנע צוועקן די אלטע מעלוכישע מאשין, אָבער די פראָלעטארישע רעוואָליוציע איז געווענדט קעגן יעדער עקספלואטאציע און קעגן אלע עקספלואטאטאָרן. זי צעברעכט די אלטע מעלוכישע מאשין און שאפט א מעלוכע פון א נײַעם טיפּ — די דיקטאטור פון פראָלעטאריאט. „די פראָלעטארישע רעוואָליוציע, — זאָגט כאווער סטאלין, — נעמט אראָפּ פון דער מאכט אלע און אלערליי עקספלו-אטאטאָרישע גרופּן און שטעלט בא דער מאכט דעם פירער פון אלע ארבעטנדיקע און עקספלואטירטע, דעם קלאס פראָלעטאריער, צוליב דעם קאָן זי זיך ניט באגיין אָן דעם צעברעכן די אלטע מעלוכישע מאשין און אָן דעם פארבײַטן זי מיט א נײַער“.

באפרײַטע פון די פענטעס פון דער עקספלואטאטאָרישער אָרדע-נונג, אנטוויקלען זיך די פראָדוקטיווע קרעפטן פון פססר מיט טעמפּן, וואָס זײַנען ניט געהערט געוואָרן אין דער געשיכטע. דער פראָלע-טאריאט און די ארבעטנדיקע מאסן פירן אן אײַנגעשפּארטן קאמפּ פארן פארווירקלעכן דעם לאָזונג „ד ע ר י א ָ ג נ א ו נ א ר י ב ע ר י א ָ ג נ“ די קאפּיטאליסטישע לענדער אין טעכניש-עקאָנאָמישער הינזיכט. פון אן אָפּגעשטאנענע אגראר־לאנד איז דער ראטנפארבאנד אין מעשעך פון ערשטן פינפיאָר פארוואנדלט געוואָרן אין א פאָרגעשריטן אינ-דוסטריעל לאנד. די לאנדווירטשאפט איז געשטעלט געוואָרן אף די רעלסן פון דער סאָציאליסטישער גרויסער ערדארבעט. דער סאָציא-

ליזם האָט געזיגט סײַ אין שטאָט סײַ אין דאָרף. ניט וואָס אין דער קאָנסעקווענט־סאָציאַליסטישער אינדוסטריע, נאָר אויך אין דער סאָציאַליסטישער לאַנדווירטשאַפט ווערט די ארבעט אַלץ מער און מער „א זאך פון ערע, א זאך פון רום, א זאך פון העלדנמוט און העראָיזם". פון א נויט-זאך פון ארבעט פאר אַנדערע איז די ארבעט פארוואנדלט געוואָרן אין א בעקאָוועדיקע זאך. באגלײַך מיט דעם האָט אופגעלעבט די שעפערישע קראפט פון דער ארבעט, וואָס איז פארלאָרן געגאנגען אין דער עקספּלואטאטאָרישער געזעלשאפט. אין דער עפּאָכע פון אורואלטן קאָמוניזם האָט די פרײַע קאָלעקטיווע ארבעט דערהויבן דעם מענטשן איבער דער וועלט פון די באַלע־בתּיִם, האָט ארויסגערופן גרויסע דערגרײכונגען. אין די קלאסן־געזעלשאפטן, אין די עקספּלואטאטאָרישע געזעלשאפטן איז די ארבעט געווען דער גורל פון די אונטערדריקטע קלאסן, אן אָביעקט פון דער ביטערסטער עקספּלואטאציע. זי האָט אָנגעוואָרן יעדע צוציִונגס־קראפט און איז געוואָרן אן עמעסע קלאָלע. אין לאנד פון סאָציאַ-ליזם האָט די ארבעט אראָפּגעוואָרפן איר צוואנג־כאראקטער. זי האָט אָפּגעוואשן דעם שטעמפּל פון עקספּלואטאציע און צוזאמען מיט דעם האָט זי ווידער באקומען אירע שעפערישע פײיִקײַטן. אין דער שלאָג-לעריי, אינעם סאָצגעוועט און אין דעם אַרבעטעריש דערפינדונג־וועזן האָבן די דאָזיקע שעפערישע פײיִקײַטן פון דער פרײַער קאָ־לעקטיווער ארבעט געפונען זייער עפעקטיווע פארקערפערונג.

אונטער דער אָנפירונג פון דער פארטיי און איר פירער כאַווער סטאלין קעמפט דער פראָלעטאריאט און אַלע ארבעטנדיקע מאסן פון ראטנפארבאנד פארן פארווירקלעכן דעם צווייטן פינפיאָר — דעם פינפיאָר פון אופבויען די אָנקלאסעווע סעציאַליסטישע געזעלשאפט. שוין אין מעשעך פון ערשטן פינפיאָר האָבן מיר אין גרונט ליקווי-דירט דאָס באלעגופנטום אלס קלאס, מיר האָבן ארויסגעשלאָגן די רעשטן עקספּלואטאטאָרישע קלאסן פון זייערע פראָדוציר־פּאָזיציעס. דער צווייטער פינפיאָר איז דער פינפיאָר פון דער פולקומער ליקווי־דאציע פון די קאפּיטאליסטישע עלעמענטן און קלאסן ביכלאל. אינעם פארביטערטן קלאסנקאמף גייט דורך דער פראָצעס פון פארניכטן די קלאסן. דער גרונט־הייבער אין דער ארבעט צו ליקווידירן די קלאסן איז די דיקטאטור פון פראָלעטאריאט. פארפעסטיקן די דיקטאטור פון פראָ־לעטאריאט איז דעריבער די וויכטיקסטע אופגאבע פון צווייטן פינפיאָר.

באהערשנדיק די נײַע אונטערנעמונגען, די נײַע טעכניק, פאר־פעסטיקנדיק אָרגאניזאציאָנעל די קאָלווירטן און די ראטווירטן, איז רעזולטאט פון פולקומען פארניכטן די קלאסן און די סיבעס, וואָס רופן זיי ארויס, וועלן מיר אין פעריאָד פון צווייטן פינפיאָר אופ־בויען די געבײַדע פון סאָציאַליזם. די סאָציאַליסטישע איבערדערציִונג פון די ארבעטנדיקע מאסן דארף ווערן דער הייבער צו בײַקומען די איבערלעבענישן פון קאפיטאליזם אינעם באוווסטזײַן פון די מענטשן. דער קאמף קעגן צערויבן סאָציאַליסטיש פארמעגן, די דערציִונג פון דער קאָמוניסטישער באציִונג צום געזעלשאפטלעכן אייגנטום מוז אויס־קאָרטשעווען די בורזשואז־אייגנטימערישע פאראזיטיש־גאנייווישע גע־ווינהײַטן. דאָס געזעלשאפטלעכע אייגנס פלעגט אין דער אוראלטער קאָמוניסטישער געזעלשאפט ארויסרופן די זאָרגן און די אופמערק־זאמקײַט פון דער גאנצער באפעלקערונג. אין דער קלאסן־געזעלשאפט, וואָס באזירט אפ פריוואט־אייגנטום, פלעגט פראָטעזשירט ווערן און גע־שיצט ווערן נאָר דער פארמעגן פון פריוואטע אייגנטימער. די סאָציאַלי־סטישע אָרדענונג האָט אלס איר יעסאָד דאָס געזעלשאפטלעכע אייגנטום, און דאָס געזעלשאפטלעכע אייגנטום דארף זײַן הייליק און אומבארירלעך.

די סאָציאַליסטישע בויונג אין אונדזער לאנד גיט מערקווירדיקע מוסטערן פון מיטארבעט צווישן די האָרעפאשניקעס פון פארשײַדענע נאציאָנאליטעטן. אפן באָדן פון דער לענינשער נאציאָנאלער פאָליטיק זײַנען די אָפגעשטאנענע פעלקער פון דער געוועזענער צארישער אימ־פעריע ארײַנגעצויגן געוואָרן אין דער סאָציאַליסטישער בויונג, בא דער שטיצע פון דער פראָלעטארישער מעלוכע ליקווידירן זיי מיט שנעלע טעמפן זייער אָפגעשטאנענקײַט, זיי שאפן א פאָרגעשריטענע קולטור, א נאציאָ־נאלע לויט דער פאָרם, א סאָציאַליסטישע לויטן אינהאלט. די פראָלעטארישע רעוואָלוציע אין רוסלאנד האָט אָנגעוויזן דעם איינציק מעגלעכן וועג פארן עקאָנאָמישן און קולטורעלן אופשטײַג פון די אָפגעשטאנענע פעלקער פון גאָר דער וועלט. די דערפאָלגן פון דער סאָציאַליסטישער בויונג אין די פריִער אָפגעשטאנענע נאציאָנאלע געגנטן באווײַזן נאָכ־אמאָל, אז די אָפגעשטאנענע פעלקער זײַנען ניט עפעס „א נידע־ריקע ראסע״. זיי פארמאָגן אין פולער מאָס אלע פייִקײַטן פון די פאָרגעשריטענע פעלקער. עקספלואטירנדיק אָן א שיר די אָפגע־שטאנענע פעלקער האָבן די הערשנדיקע קלאסן קינסטלעך פארהאלטן זייער אנטוויקלונג.

די אימפעריִאַליסטישע מעלוכעס, וואָס עקספּלואַטירן הונדערטער מיליאָנען אָפּגעשטעטענע פעלקער פון אזיע, אפריקע, אמעריקע און אווסטראַליע, האָבן פאַרוואַנדלט די לענדער פון די דאָזיקע פעלקער אין קאָלאָניעס. קעדיי צו באַרעכטיקן די רויבערישע עקספּלואַטאַציע פון די דאָזיקע פעלקער, פּרוּוון די בורזשואַזע געלערנטע צו דער-ווייַזן, אז די פעלקער פון די קאָלאָניעס זייַנען „א נידעריקע ראַסע" און דעריבער איז די הערשאַפט איבער זיי גאַנץ געזעצלעך. אונטער דער מאַסקע פון „ציוויליזירן" די קאָלאָניאַלע פעלקער זויגן אויס די אימפעריִאַליסטן פון זיי דעם גאַנצן זאַפט און זיי פאַרניכטן זיי פאַר יעדער אַנטפּלעקונג פון פּראָטעסט.

אין לאַנד פון סאָציִאַליזם קומט פאָר א מעכטיקער קולטור-עקאָ־נאָמישער אויפשטייַג בא די האַלב-ווילדע פעלקער פון עקסטן צאָפן, פון ווייַטן סיביר און פון באַרג־קאַווקאַז, וואָס דער צאַריזם האָט אונטערדריקט. אָט דער אויפשטייַג איז א באַווייַז, אז די פּראָלעטאַ-רישע רעוואָליוציע איז די נייטיקע באַדינגונג פאַר דער באַפרייַונג פון די קאָלאָניאַלע פעלקער און פאַר זייער קולטור־עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג.

דער ראַטנפאַרבאַנד, וואָס גייט זיגרייַך אפן סאָציִאַליסטישן וועג, וואַרפט מיט זייַנע דערפאָלגן אַן אַרויסרוף דער גאַנצער קאַפּיטאַליס־טישער וועלט. אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער ווירקן נאָך אַלע קרעפטן פון דער סטיכיי און אַנאַרכיע, וואָס שטעקן אין דער נאַ־טור פון דער בורזשואַזער אָרדענונג. עס בלייַבט אויך ווייַטער עקזיס־טירן און עס ווערט אַלץ שטאַרקער די עקספּלואַטאַציע פון דער אַרבעטנדיקער-באַפעלקערונג. דער גאָר טיפער דויערנדיקער קריזיס האָט געבראַכט צו ניט־געהערטער שאַרפקייַט פון אַלע ווידערשפּרוכן, קאָנפליקטן און קרענק פון קאַפּיטאַליזם. מיליאָנען מענטשן פון דער האָרעפּאַש-נער באַפעלקערונג לייַדן פון אַרבעטלאָזיקייַט, זייַנען פאַרורטיילט אפּ הונגער און אָרעמקייַט. דער פּאַראַזיטישער כאַראַקטער פונעם הערשנ־דיקן קלאַס און פון דער גאַנצער בורזשואַזער אָרדענונג לאָזט זיך באַזונדערס שאַרף פילן גראָד אין דעם פעריאָד פון זייַן קריזיס אין געגעבענעם עטאַפּ. די פאַרשווענדונג פון די פּראָדוקטיווע קרעפטן האָט אָנגענומען שרעקלעכע גרויסע מאַסשטאַבן. די פּראָדוקציע איז אָפּגעוואָרפן געוואָרן לויטן ניוואָ פון איר אַנטוויקלונג אפּ צענדליקער יאָרן צוריק. די פּראָדוקטיווע קראַפט פון מיליאָנען אַרבעטער ווערט ניט געאַרבריכט און קומט אום אָן נוצן.

אָבער אינ די קאַפּיטאַליסטישע לענדער רײַפט אונ פעסטיקט זיכ
א קראַפט, וואָס איז פײַיק כאָרעוו צו מאַכנ די בורזשואַזע אָרדענונג.
אונטער דער אָנפירונג פונ זײַנע קאָמוניסטישע פּאַרטייענ געווינט דער
פּראָלעטאַריאַט אַפּ זײַנ צאַד פאַרבינדעטע פונ די האָרעפּאַשניקעס פונ
די אונטערגעדריקטע קלאַסנ אונ גרייט זיכ צו אַנ אַנטשיידענעמ גע־
ראַנגל מיטנ קאַפּיטאַל אונ מיט זײַנע וואָפנ־טרעגער. ניט דער טע-
ר פונ די פאַשיסטישע באַנדעס, ניט דער פאַראַט פונ די סאָציאַל־
שיסטנ וועלנ ניט קאָנענ צעברעכנ דעמ פּראָלעטאַרישנ ווילנ אונ
זײַנ גרייטקײַט צומ קאַמפּ, זיי וועלנ ניט קאָנענ אָפּשטעלנ די אָנ־
וואַקסנדיקע קויכעס פונ דער וועלט-רעוואָליוציע. די אויפגאַבע, וואָס
די געשיכטע האָט געשטעלט — צו באַפרײַענ די געזעלשאַפט פונ די
קייטנ אונ מאַקעס פונעמ קאַפּיטאַל, פונעמ יאָכ פונ די פּאַראַזיטנ —
קספּלואַטאַטאָרנ — מוז אונ וועט געלייזט ווערנ אינ די פאַרשטייענ־
ייקע שלאַכטנ פונעמ פּראָלעטאַריאַט קעגנ אַלע קויכעס פונ דער
זער געזעלשאַפט. די גאַנצע געשיכטע פונעמ קאַפּיטאַליזמ זאָגט
איידעס וועגנ דער גרויסער פּראָגרעסיווער באַדײַטונג פונ דעמ פּראָ־
לעטאַרישנ קאַמפּ קעגנ דעמ קאַפּיטאַל. די געשיכטע זאָגט זיכ ארויס
אַנטשיידנ פאַרנ באַפרײַונגס־קאַמפּ פונ פּראָלעטאַריאַט, פאַר דער נייי־
טיקײַט פונ זײַנ זיג, פאַר דער היסטאָרישער אומפאַרמײַדלעכקײַט פונ
קאָמוניזמ. אַפּנ קאָלאָסאַלנ שעטעכ פונ פסםר פײַערט שוינ דער סאָ-
ציאַליזמ גיגאַנטישע ניצכוינעס. אונטער דער אָנפירונג פונ קאָמינטערנ,
אונטער דער אָנפירונג פונעמ פירער פונ דער וועלט־רעוואָליוציע כאַ־
ווער ס ט א ל י נ וועלנ די פּראָלעטאַריער אונ די ארבעטנדיקע מאַסנ
פונ אַלע לענדער באַוואָרענענ מיט זייער מעסירעסנעפעשדיקנ העראָישנ
קאַמפּ דעמ זיג פונ סאָציאַליזמ אינ גאַנ דער וועלט.

---

# אינהאלט




Редактор Р. Вин. Техред. С. Абрам. Корректор Биттер.
Сдано в производство 8|VI—34 г. Подписано к печати 20|VI—34 г.
Формат бумаги 82 x 110[1]/32 4 п. л. 37000 п. зн. в п. л.
„Эмес“ № 30. Тираж 4000. Уп. Главлита В—83662

Тип. изд-ва „Дер Эмес“, Москва, Покровка, 9. Зак. № 518.

